בערל גרינבערג

# ליבשאפט

דערציילונגען



אַרויסגעגעבן פון
„ב. גרינבערג יובל־קאָמיטעט" ביים יידישן ליטעראַטן און
זשורנאַליסטן פאַריין „ה. ד. נאָמבערג"

בוענאָס איירעס, 1952, תשי"ב

BERL GRYNBERG

# C A R I Ñ O

("LIBSCHAFT")

CUENTOS



Editado por
EL "COMITE DE HOMENAJE A B. GRYNBERG"
auspiciado por la Sociedad de Escritores Israelitas
"H. D. Nomberg" en la Argentina.

Buenos Aires, 1952

## פון זעלבן מחבר:

# אינהאַלט:

# דאָן נאַום

די זון, די ליכטיק גין־גאָלדענע זון, האָט אַריינגעשיינט צו דאָן נאַום שוויאַטלאָ אין שלאָף־צימער אַריין. די זון־שטראַלן האָבן פאַרפלייצט דאָס גאַנצע אויבערשטע צימער און פאַרמבולט דעם דרימלענדיקן, שווערקראַנקן נאַומען אין זיין נאָכמיטאָגדיקן דרימל. שוין פולע צוויי יאָר ווי דער קורץ־געוווקסיקער, ברייט־פּלייציקער און פליכעוואַטער נאַום, דער אייגנטימער פון דער גרעסטער הענטשקעס און וואַליזעס פאַבריק אין גאַנץ דרום־אַמעריקע, ליגט אַ פּאַראַליזירטער אויף ביידע פיס אין זיין בראָנזענעם בעט און קען זיך פונעם אָרט נישט רירן; שוין צוויי יאָר ווי ער דרימלט אָפּ גאַנצע טעג און איז וואַך אין די נעכט, און אין די בלויגרינלעכע אויגן גליט אַ טויט־שרעק — די טויזנט מאָל ערגערע שרעק ווי דער טויט אַליין: שוין־זשע וועט ער טאַקע שוין קיינמאָל נישט קענען רירן מיט די פיס? און שוין, אַזוי־אָ, אָפּקוועטשן אויפן בעט ביזן טויט אַריין, האַ?...

דורכן ברייטן און הויכן פענצטער פלייצן אַריין די זון־שטראַלן און באַלויכטן דעם קראַנקן נאַומען, וואָס דרימלט מיט אַ פּעשל קאָרטן אין די הענט. פון די אומענדלעכע טיף־הויכע הימל־געוועלבן פליסט צו דער וועלט אַ ביסל זונען־ליכט פאַר דער מענטשן־ערד; אַ ביסעלע ליכטיקייט איז פאַרן קראַנקן. פון דער זון ביז דאָן נאַומען. נאָך אַ שעה, נאָך אַ שעה... די זון וועט אַוועק און עס וועט זיך אָנהויבן די אומפאַרמיידלעכע נאַכט, די פינצטערע נאַכט. און אַמאָל, ווען ער איז געווען געזונט, האָט ער אָפטמאָל זייער גערן געבענקט נאָך די נעכט. איצט איז עפּעס אַנדערש... ווען עס וואָלט אייביק געווען טאָג וואָלט שוין געווען בעסער, בעסער... אפשר?

דאָן נאָום ענטפערט זיין אייגענער מחשבה: בייטאָג דרימלט זיך כאָטש, ביינאַכט קען מען דאָך אפילו נישט דרימלען! קראַנקע מענטשן שלאָפן נישט אין די נעכט...

דורכן ברייטן באַלקאָן־וועראַנדיקן פענצטער טשוויטשען אַריין די פייגל, וואָס נעסטן זיך אויף די זילבער־סאָסנעס פון דער שטילער אַריס־טאָקראַטישער גאַס, וואָס זעט אויס ווי אַ גאָרטן־אַלייע; ערגעץ טומלען קינדער אין זייער אייביקע פילקע־שפּיל; אַ האָן קרייעט ערגעץ אינעם פריעם נאָכמיטאָג; און דאָן גיזשערמאָס טויבן, דער פון דינסט־צוריקגע־צויגענער און פענסיאָנירטער שיפס־קאַפּיטאַן, דער שכן פונעם הויז אַנט־קעגן, — האָבן זיינע טויבן געמאַכט אַן אָנלייג אויף נאָומס וועראַנדע־מעסיקן באַלקאָן. די טויבן פלאַטערן און וואָרקען אייביק אונטער די באַלקאָן־געזימסן. זיי, די טויבן, מאַכן אַראָפּ מיט טויבן־קויט און וועקן אים אין זיין קראַנקער רו. קיינער טרייבט נישט אָוועק די טויבן, נישט זיין פרוי בערטאַ און נישט די דינסט מאַריאַ־טערעסאַ; בערטאַ האַלט דעם אָנלייג פון די טויבן אויפן באַלקאָן פאַר אַ גוטן סימן: „זיי, די טויבן, ברענגען אייביק גוטע בשורות?"... און ווער נאָך ווי זי וואַרט אויף גוטע בשורות פון גאָר וויט, וויט... און מאַריאַ־טערעסאַ, די דינסט, וואָס איז שוין ביי זיי אין שטוב אַ צוועלף יאָר, אָט די דיקע אַרגענטינערין פון איטאַליענישן אָפּשטאַם, מיט גוידערלעך און חן־גריבעלעך אין די פול־בלוטיקע באַקן, וואָלט געקענט דערהרגענען אַ מענטש, ווען זי וואָלט גע־זען ווי עמיצער שטעפּעט די טויבן, אירע טייבעלעך...

וואָרקען די טויבן אונטער די געזימסן פונעם באַלקאָן. פאַרטאָג הויבן זיי אָן און מיטן זון־פאַרגאַנג בלייבן זיי שטיל. נאָר אָפּטמאָל, אין מיטן די נעכט, ווען עס יאַוועט זיך פון פרעמדע דעכער וואָגלענדיקע קעץ, הויבן די טויבן אָן ווילד צו פאָכען מיט די פליגלען און וועקן איבער בערטאַן פונעם שלאָף. דערנאָך ווערט שטיל. נישט זעלטן טרעפט אויך, אַז די טויבן הויבן אָן אַרומפלאַטערן אין מיטן די נעכט. אַ פחד פאַלט אָן אויף דער באַלעבאָסטע מיט דער דינסט. נאָר דאָן נאָום איז שוין געוווינט דערצו. אַ שאָד, וואָס זיינע פיס זענען געליימט. ווען ער וואָלט נאָר געהאַט כוח זיך צו רירן און באַוועגן, וואָלט ער אין מיטן דער נאַכט אַרויס אויפן באַלקאָן און וואָלט זיך צוגעקוקט וואָס עס פאַסירט דעמאָלט מיט די טויבן. נאָר גיי ריר זיך, אַז...

אינעם דרימל כאַפּט דאָן נאָום אויף די שטילע פּאָרזיכטיקע טריט פון זיין פרוי, וואָס שלייכט זיך דורך די הילצערנע טרעפּ מיט די גע־שניצטע פּאָרענטשעס, פון דער קיך צום שלאָף־צימער; ער הערט און פילט אירע לייכטע, נאָר לאַנגזאַמע טריט; אים ווייזט זיך אויס, אַז ער פילט אפילו פון גאָר ווייט איר אָטעם... אָט ליגט ער שוין מער ווי אַ שעה מיטן פעשל קאָרטן אין דער האַנט און וואַרט אַז זיין פרוי זאָל זיך צו אים דערנענטערן: אָרעמע בערטאַ — גיט ער אַ שטילן זיפץ — זי האָט שוין פון מיר דאָס אמתע גיהנום אויף דער וועלט...

בערטאַ פראַלט לייכט אויף די טיר. זי גענענט צום קראַנקס בעט, בויגט זיך צו צו זיין פנים און לייגט אַרויף אירע אייביק קילע הענט אויפן מאַנס שטערן און זיין פליכעוואַטן קאָפּ:

— דו, דו, קראַנקער פריץ, — וועקט זי אים שטיל מיט איר אייבי־קער צאַרטקייט און אייביק געמאַכטן חוזק, וואָס איז אויסגעמישט מיט ליבשאַפט און געטרייקייט — דו, דו, טשע, אַלטער אָקס!... געבוג געכאַ־ליעט! ס׳איז דאָ אַ נאַכט אויך. לאָז עפּעס איבער אויף ביינאַכט. נו?

— לאָז מיך נאָך אַ ביסל דרימלען, לאָז — צעשיט זיך אים דאָס פעשל קאָרטן איבערן בעט און אַ צענדליק קאָרטן פאַלן אַראָפּ אויף דער געל־שוואַרץ־געפלעקטער לעמפּערט־פעל, וואָס ליגט אויפן פאָל נעבן בעט — לאָז מיך נאָך דרימלען אַ פּאָר מינוט... איך האַלט אין מיטן פון אַ חלום. לאָז מיך האַלטן פאַרמאַכט די אויגן נאָך אַ פּאָר רגעס — בעט ער זיך ווי אַ צעבאַלעוועט קינד — שוין! — און ער גיט פלוצלינג אַ שטרעק אויס זיינע מעכטיקע, ממש גאָרילישע הענט, גיט ער זי אַ כאַפּ אַרום ביי דער טאַליע און גלעט איר מיט זיינע מאַזאָליעדיקע דלאָניעס — אפילו חלומען לאָזט מען נישט...

— וועסט חלומען ביינאַכט. ביינאַכט וועל איך דיר העלפן חלומען. איצט דאַרפסטו שוין עפּעס נעמען אין מויל אַריין. דאַרפסט שוין איינ־נעמען די פּילן. באַלד וועט שוין קומען דינה דיר געבן דעם שטאָך — זעצט זיך בערטאַ אַוועק אויפן ראַנד פון בעט און הויבט אָן צו גלעטן דעם מאַנס האָריקע הענט, וואָס האָבן אין דער גאַנצער צייט פון דער קראַנקהייט נישט פאַרלוירן פון זייער אייביקער גבורה.

— מילא, זאָל שוין זיין, גיב אַהער די פּיל, זיי העלפן מיר ווי אַ טויטן באַנקעס... מילא, גיב! — שטרעקט ער אויס די האַנט און צעגענעצט זיך.

— וואַרט אויס אַ רגע, עס ברענט? — האָט זיך דאָס ווייב מיטאַמאָל אָנגעצונדן מיט בייזקייט — מיינסט אַז כ'בין אַ פּאַראָווע מאַשין: כאַפּ־לאַפּ, — היידאַ־האָפּאַ!

— ווי אַזוי איך רעד צו דיר טויג נישט. מען דאַרף לעצטנס וויסן ווי אַזוי מען זאָל צו דיר רעדן — קוקט דאָן נאָום צום סופיט אַן אויס־געטשוכעטעטער — וועסט באַשטעלן וועמען, וואָס זאָל מיך לערנען ווי־אַזוי אומצוגיין מיט מיין פּריצה דאַניאַ בערטאַ פון טיטיעוו...

— מיין געליימטער אָקס... אוי, זאָלן שוין בעסער דיינע שונאים רעדן.... — האָט זי אים אַרויפגעלייגט אַ האַנט אויפן מויל און מיט די ליפּן איז זי צוגעפאַלן צום מאַנס קאָפּ, געקושט אים און זיך צעוויינט מיט ביטערניש:

— בעסער האָט דאָס מיך געזאָלט טרעפן! אויפן זיבעטן הימל וואָלט איך געווען! איך וואָלט צו דיר אַזוי נישט גערעדט ווי דו רעדסט צו מיר. איך האָב שוין נישט קיין כוח צוצוזעען דיין צער. נחום, נאָום... — האָט זי באַנעצט דעם מאַנס פּליך מיט אירע טרערן.

דער קוואַל פון טרערן, וואָס איז שוין ביי בערטאַן סיי ווי אָפּן געווען צוויי יאָר נאָכאַנאַנד, האָט זיך נישט אויסגעשעפּט. דער גרויסער מענטש־לעכער רחמנות צו איר מאַנס צרות האָט זי פאַר דער צייט איבערגע־אַנדערשט און געהאַרטעוועט. פאַר דער גאַנצער צייט וואָס איר מאַן איז אַוועקגעפאַלן אַ פּאַראַליזירטער, האָט זי פאַרגעסן אין זיך אַליין און זיך אויפגעהערט דאָקטערווען: אַלע אירע גרויסע און קליינע שלאָפקייטן זענען פון איר אַוועק, ווי אַוועקגענומען מיט אַ כישופדיקער האַנט; אוי, ווען זי וואָלט געקענט צונויפנעמען אַלע אוצרות פון דער וועלט, וואָלט זי זיי צונויפגעלייגט אין איין קופּע מען זאָל צוריק אויפשטעלן אויף זיינע פיס איר געליימטן אָקס, דעם געליימטן ריז...

— וויין נישט... בערטאַ... — האָט דער מאַן זי צוגעדריקט צו זיך מיט זיינע גאָרילישע, האָריקע הענט און איר געפּעטשלט צאַרט אין געזעס אַריין — אַ שאָד, וואָס איך קען דיר איצט נישט אַריינפּיצקען, ווי דע־מאָלט, מיט אַכט און צוואַנציק יאָר צוריק, אַ פּאָר וואָכן נאָך אונדזער חתונה, געדענקסט?

— נאָום, נאָום, נאָום... — האָט זי אַן אויפהער געכליפּעט.

— מאַריאַ־טערעסאַ, מאַריאַ־טערעסאַ! — האָט דער קראַנקער אָנגעהויבן רופן — וואָס טוט זי דאָרטן אַ גאַנצן טאָג די מכשפה? — האָט ער זיך אַליין געפרעגט — מאַריאַ־טערעסאַ, שוואַרצער רוח! אַז פּלאַצן זאָל זי דאָרטן! — האָט ער זיך געצאַפּלט אין זיין פּאַראַליזירטער הילפלאָזיקייט.

אויף די טרעפּ צום שלאָף־צימער האָט אָנגעהויבן קנאַלן, ווי עס וואָלט ערגעץ ווייט געדונערט, אַזש די טיר האָט אָנגעהויבן ציטערן.

— זי וועט אַמאָל איינוואַלגערן די טרעפּ דער רוח! אַ שד איז דאָס... מאַריאַ־טערעסאַ — האָט דאָן נאָום נישט אויפגעהערט שרייען און געקוקט צו דער פאַרמאַכטער טיר מיט אַ פּאָר גזלנישע אויגן.

מאַריאַ־טערעסאַ איז שטיין געבליבן אין דער טיר מיט אַ פאַרהאַקטן אָטעם: — גאָט מיינער, הייליקע מאַריאַ, וואָס איז דאָ געשען? איך האָב שיר די פיס נישט צעבראָכן אויף די פאַרשאָלטענע טרעפּ.

— נו, ריר זיך שוין! גיב דער פּאַטראָנאַ אַ ביסל וואַסער מיט אַ פּאָר וואַלעריאַנע טראָפּנס. דאָ, אויפן נאַכט־שענקל שטייט דאָס פלעשעלע. זי האָט שוין היינט איר אמתן טאָג! — גיט צו איר דאָן נאָום גוט־ברודעריש און ממזריש אַ ווונק מיטן אויג.

מאַריאַ־טערעסאַ אָריענטירט זיך שנעל: זי גיט מיט רוגזא אַ כאַפּ דאָס פלעשעלע, דערנאָך כאַפּט זי די קאַראַפין מיט וואַסער, וואָס שטייט אויפן געשניצטן קאָמאָד־טואַלעט אינעם ווינקל ביים פענצטער; זי גיסט אָן אַ ביסעלע וואַסער, גיסט אַריין אַ פּאָר טראָפּן פונעם פלעשעלע, גיט זי אַ צעשאָקל דאָס גלאָז און בויגט זיך איין צו דער באַלעבאָסטע, וואָס כליפּעט נאָך אַלץ אויפן מאַנס ברוסט אָנגעלענט.

— אָרעמע דאָניאַ בערטאַ... שנעלער, שנעלער, טרינקט דאָס אויס וועט איך בעסער ווערן. — גלעט זי דער באַלעבאָסטע איבער דער פּלייצע.

דאָניאַ בערטאַ זעצט זיך אויף מיט אַ פאַרוויינט פּנים און רויט געוואָרענע אויגן. זי נעמט לאַנגזאַם דאָס גלאָז פון מאַריאַ־טערעסאַס האַנט און גיט אַ זופּ־אויס דאָס ביסל וואַסער.

— נו, ס'איז בעסער? — צעכליפּעט זיך מאַריאַ־טערעסאַ, שטענדיק ווען זי זעט איר באַלעבאָסטע וויינען אַזוי וויינט זי אויך.

— שוין, זי וויינט שוין אויך! — צעשרייט זיך דאָן נאָום מיט כעס — איך האָב דאָס אין דער ערד... איך וועל בעטן מען זאָל מיך בעסער אַוועקפירן אין אַ שפּיטאָל אַריין, וועט מיר שוין זיין בעסער — דרייט

זיך דאָן נאָום אויס מיטן פּנים צו דער שאַפע מיט די דריי קרישטאָלענע שפּיגלען.

— מען דאַרף אים שוין איינגעבן די פּיל — זאָגט דאָניאַ בערטאַ אַ באַרואיקטע — וואַש אויס דאָס גלאָז און גיס אַריין אַ ביסל ריין וואַסער.

מאַריאַ־טערעסאַ דערלאַנגט דעם באַלעבאָס אַ גלאָז מיט אַ ביסל וואַסער. דער קראַנקער וואַרפט אַריין אַ גרינע פּיל אין מויל אַריין, פאַר־טרינקט מיטן ביסל וואַסער און זאָגט אַ בייזער:

— וואָס עלטער דו ווערסט — אַלץ מער בהמה ווערסטו! — איז ער איר נישט מוחל אירע פריערדיקע טרערן.

— אַ שיינעם דאַנק פאַרן קאָמפּלימענט, פּאַטראָן! — באַדאַנקט מאַ־ריאַ־טערעסאַ און פאַרנויגט זיך איראָניש מיט אַ קניקס.

— באַסטאַ, גענוג שוין, באַסטאַ! — גיט דאָניאַ בערטאַ אַ טופּע מיטן פוס — גיב בעסער אַ קוק, וואָס עס טוט זיך אינעם בעט אַן איבערקע־רעניש. מען דאַרף מאַכן אַן אָרדענונג, מענטשן וועלן מסתמא באַלד אָנ־קומען.

— זיין גליק וואָס ער ליגט נעבעך אַזוי־אָ, אַ־נישט וואָלט מען מיר נישט געטראָטן אויף די מאָזאָליעס — טייטלט די דינסט אויפן באַלעבאָס מיט אַ פינגער — איך מוז אַראָפּלויפן אין קיך אַריין, ס׳ביסל קאָמפּאָט וועט מיר אויסקאָכן. כ׳קום באַלד צוריק.

— מעגסט נישט קומען. — שרייט צו איר דאָן נאָום.

מאַריאַ־טערעסאַ לויפט אַרויס פונעם צימער און פאַרקלאַפּט די טיר מיט געמאַכטער בייזקייט אויפן פּנים. פאַר די זעכצן יאָר וואָס זי האָט פאַרלאָזן איר היים און אַרבעט אין פרעמדע הייזער, האָט זי נאָך ביי אַזעלכע גוטע מענטשן נישט געאַרבעט. דאָניאַ בערטאַ איז ווי אַ גוט שטיקל ברויט. און דאָן נאָום — ווען ער וואָלט נאָר נישט געווען קראַנק — האָט אַ גאָלדן האַרץ! מען קען אויספאָרן די גאַנצע וועלט און אַזעלכע גוטע מענטשן נישט געפינען. נאָר לעצטנס, ווערט איר שווער צו זיין אין דער דאָזיקער רייכער שטוב... עס איז איר אומעטיק אין דער ריי־כער, נאָר אומגליקלעך קראַנקער שטוב. זי האָט אָבער נישט קיין האַרץ אַוועקצוגיין. זי האָט אַ מענטשלעך האַרץ... ניין, זי וועט די גוטע אומ־גליקלעכע מענטשן נישט איבערלאָזן אין זייער נויט. אפשר וועט די הייליקע בתולה טון אַ נס און דאָן נאָום וועט געזונט ווערן. זי, מאַריאַ־

טערעסאַ, האָט שוין אפילו בגנבה אַרונטערגעלייגט דאָס בילד פון דער הייליקער ראָסאַ פון לימאַ אונטערן מאַטראַץ פונעם קראַנקן דאָן נאַום. צו יעדער צייט קען פּאַסירן דער נס. אָ, ווי שיין וואָלט דאָס געווען!...

מאַריאַ־טערעסאַ בלייבט שטיין אין קיך. די קיך איז אַ גרויסע און אַריסטאָקראַטישע: די ווענט פון ווייסע מאָזאַיק־קאַפלעס בלאַנקען מיט שפּיגלענדיקער שניי־ווייסקייט; דער עלעקטרישער אייז־קאַסטן בלאַנקט און גלאַנצט. די קיך בלענדט פונעם ווייסן עמאַליר. דאָס אַלומין־קעסעלע זידט מיטן פּלוימען־קאָמפּאָט אונטערן בלוילעכן גאַז־פלאַם. פלוימען ריחות שמעקן אין דער לופט. אַ סאָד מיט צייטיקע פלוימען פאַרשמעקט די גאַנצע וועלט. דער עלעקטרישער זייגער איבער דער קיך טיקעט שטיל. פונעם גערטנדל, וואָס ציט זיך ווי אַ גרינער טעפּיך הינטערן גאַראַזש, גרילט די „טשיטשאַראַ״־גריל. עס ווילט זיך נאָך זיין גרויסע היצן אין דעם פריעם האַרבסט!

מאַריאַ־טערעסאַ פאַרלעשט דעם גאַז־פלאַם. זי שטעלט אַרויף דאָס קעסעלע מיטן קאָמפּאָט אויף דער ווייסער מאַרמאָר־פּליטע ביים וואַסער־קראַן, ס׳זאָל זיך אָפּקילן. זי בלייבט שטיין אַ פאַרטראַכטע און בליקט אַרויס צום גערטנדל, צום גאַראַזש, דאָרט וווּ עס שטייט שוין צוויי יאָר אַ פּאַראַליזירטער דער מעכטיקער קאַדילאַק־אויטאָ; דער איינציקער אונ־טערשיד איז דער, וואָס דער אָרעמער באַלעבאָס ליגט אַ פּאַראַליזירטער אין בעט, און דער אויטאָ שטייט אַ געליימטער אין גאַראַזש, זשאַווערט און וואַרט אַז מיטן באַלעבאָס זאָל פּאַסירן אַ גרויסער נס. די הייליקע סאַנטאַ ראָסאַ פון לימאַ, וואָס ליגט אַן אונטערגעוואָרפענע באַ־האַלטן אונטערן מאַטראַץ פונעם קראַנקן פּאַטראָן, איילט זיך נישט צו באַווייזן אירע ניסים. פּוטשאַ, ברררר... ווער וואָלט זיך געקענט פאָרשטעלן, אַז אין אַזאַ רייך הויז וועט זיך אַריינכאַפּן אַזוי פיל צער און אומגליק? אַך, ווי קען מען דאָס איבערלאָזן אַזאַ גוטע דאָניאַ בערטאַ, וואָס האָט איר אַזוי פיל גוטס געטון? ווי לאַנג זי וועט לעבן וועט זי נישט קענען פאַרגעסן, ווי אַזוי דאָניאַ בערטאַ איז געבן איר בעט אָפּגעזעסן דריי טעג און דריי נעכט און איר געלייגט גומי־זעקלעך אייז צום בויך, דעמאָלט ווען זי האָט זיך „אָפּגעפּעקלט״... פּלאַצן זאָל ער דאָרטן דער זונהשער ממזר, דער אָסקאַר, וואָס צעפּירט די סאָדע־סיפאָנען, ווי ער האָט איר אפילו נישט געוואָלט צושטייער געבן אַ סענט צו באַצאָלן פאַרן מאַכן דעם

אַבאָרט... און זי, די פּאַטראָנאַ, האָט זיך געבראָכן די הענט און מיט איר איינגעטענהט:

— „משוגענע צויג וואָס דו ביסט! וואָלסטו מיר כאָטש עפּעס דער־ציילט, אַן עצה זיך געהאַלטן, וואָלסטו דאָך געקענט זיין ביי מיר מיטן קינד. מיין נאָום ווערט דאָך משוגע פאַר אַ קינד... אַזוי איז שוין: דער וואָס וויל — האָט נישט; דער וואָס האָט — וואַרפט אַוועק... יאָ, מיט אַ סך יאָר צוריק, עטלעכע יאָר נאָך מיין חתונה, האָב איך פאַרשוואַנגערט. איך האָב דעמאָלט געאַרבעט אין אַ טעקסטיל־פאַבריק. מיין נאָום איז אַרויס־געפאַלן פון דער אַרבעט. כ׳בין שוין געווען אין זעקסטן חודש. פאַרטאָג, ס׳האָט געכליאַפּעט אַ רעגן, בין איך געלאָפן צום ראָג גאַס כאַפּן דעם אָמניבוס. כ׳בין געלאָפן אין די שיך מיט די אויסגעדרייטע אָפּצאַסן. בין איך אַריין מיטן לינקן אָפּצאַס אין אַ גריבל מיט וואַסער און כ׳בין אומגעפאַלן. ווי אַ בלינד פערד אין אַ גרוב אַריין, און שוין! די „אַסי־סטענסיאַ פּובליקאַ" האָט מיך אָפּגעפירט אין נאָענטסטן שפּיטאָל אַריין. דאָרט האָט זיך אַ יונגער פּראַקטיקאַנט געלערנט שערן אויף מיין קאָפּ... און אפשר איז ער גאָרנישט שולדיק געווען? קיין קינדער ווילן שוין צו מיר נישט קומען. און דו? — סטערווע, מאַכסט קאַליע! דערנאָך וועסטו באַדויערן! שפּאָר כאָטש אָפּ אַ קינד פון דיינע סטערווישע שטיק!"...

גערעכט איז דאָניאַ בערטאַ, אַ גוטע נשמה... וואָס זי האָט צו זאָגן — זאָגט זי יענעם גלייך אין די אויגן אַריין. נאָר ברענגען אַ קינד אויף דער וועלט וואָס זאָל ליידן — דאָס נישט! דאָס פאַרשטייט נישט די פּאַטראָנאַ.

מאַריאַ־טערעסאַ טופּעט אומגעדולדיק מיט די ווייסע גומי־לעטשלעך. ווי לאַנג עס געדויערט ביז דאָס ביסל פּלוימען־זאַפט קילט אויס?!

אינעם עס־צימער האָט זיך צעקלונגען דער טעלעפאָן. מאַריאַ־טערע־סאַ האָט זיך אַ ריס געטון פונעם אָרט. בערטאַ האָט אָנגעהויבן אַראָפּ־שרייען פון דער הויך:

— מאַריאַ־טערעסאַ, מאַריאַ־טערעסאַ, ריר זיך דאָרטן! — האָט דאָ־ניאַ בערטאַ געקלאַפּט אין די פאָרענטשעס מיט געבייזער — נו, ריר זיך שוין דאָרטן!

— פּוטשאַ, קאַראַמבאַ, הייליקער גייסט! — וואָרטשעט מאַריאַ־טע־רעסאַ — אוי־פּאַ! איך וועל נאָך אין דער שטוב די פיס צעברעכן פון איילעניש...

און דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט קלינגט און קלינגט.

— שוין, בעסטיע... ליג שוין דאָרטן אין קיך! — לאָזט זיך די באַ־לעבאָסטע לויפן פון די טרעפּ — איך וועל שוין אַליין לויפן צום טע־לעפאָן.

מאַריאַ־טערעסאַ מאַכט זיך נישט הערנדיק, זי גיט אַ כאַפּ דאָס טעלע־פאָן־טרובקעלע און שרייט אַריין מיט אַ קוויטש:

— האַלאַ, האַלאַ, ווער רעדט? וואָס פאַרלאַנגט איר? ווי אַזוי? איך וועל פרעגן. מאָמענטיטאָ... — לייגט זי אַוועק דעם אַפּאַראַט און לאָזט זיך דורך דער פאָיע צו די טרעפּ, וווּ עס וואַרט אָנגעשפּאַרט אין די פאָרענ־טשעס דאָניאַ בערטאַ.

— אַ סעניאָר טשישעניקי פרעגט צי ער קען צוקומען וויזיטירן דעם פּאַטראָן.

— אָ, טשישעלניצקי! אוודאי, אוודאי. זאָג אַז יאָ. קוים זיך אויס־געקראַצט דער גוטער חבר! — ווערט דאָניאַ בערטאַ אָנגעבלאָזן און רויט.

די דינסט איז צוריק אַוועקגעלאָפן צום טעלעפאָן און בערטאַ איז צו־ריק אַרויף צום מאַן אין שלאָף־צימער.

— ווער האָט גערעדט? — האָט נאָום אַ באַלעסטיקטער אָפּגעטריבן פון זיך אַ פליג וואָס האָט זיך אין אים אָנגעטשעפּעט — ווער?

— דיין גוטער חבר טשישעלניצקי... קוים זיך אויסגעקראַצט מבקר חולה צו זיין אַן אַלטן פריינט. מען דאַרף דאָס פאַרשרייבן אין די בלע־טער. דיינע חברים!... — גווידערט זיך די פרוי.

— גרשון וועט קומען? — האָט דער קראַנקער אַ הויב געטון דעם קאָפּ פונעם קישן און זיין פּנים האָט אויפגעלויכטן — אַ טייערער יאָט. ער האָט מסתמא געהאַט זיינע צרות.... מסתמא נישט געווען הי. דו האָסט נאָר טענות צו דער גאַנצער וועלט.

— די גאַנצע וועלט איז ביי דיר אייביק „פיין" און „טייער"! — זאָגט דאָניאַ ראָסאַ מיט פאַראיבל און ביטערניש — ס׳גייען פאַרביי מאָ־נאַטן און יאָרן און אַ חבר קומט נישט געוויר ווערן וואָס עס טוט אַ קראַנ־קער — איז פיין און טייער! — פאַרציט דאָניאַ בערטאַ די נאָז און פאַר־שנורעוועט די ליפּן.

— ביסט גערעכט, גערעכט! — גיט דאָן נאָום אַ פליעסקע מיט די הענט — נאָר ווו איז ער?

— כ'האָב אים נישט איינמאַרינירט אין זויערן; ער האָט אָנגעקלונגען און געפרעגט. שפּעטער וועט ער קומען.

— אַ שאָד! ער, גרשון, מאַכט שוין אויך צערעמאָניעס דורכן טעלע־פאָן — גיט דער קראַנקער אַ זיפץ. — דערלאַנג מיר, זיי אַזוי גוט, דעם פעכער. ווו איז דער פעכער?

— ווו ס'איז דער פעכער? כ'זאָל אַזוי וויסן פון מיינע צרות! — גיט זיך בערטאַ אַ בויג אַריבער איבערן קראַנקנס פּנים און לייגט אים אַרויף די האַנט אויפן שטערן — אפשר וואָלסטו זיך געלאָזט אָפּמעסטן די היץ? — פרעגט זי אַן אומרואיקע.

— גיי שוין, גיי, היץ — שמיץ. ס'איז מיר גלאַט אַזוי הייס געוואָרן. טו אַ טובה, זוך אויס דעם פעכער.

— אַז ס'איז אין בעט אַ גאַנצער מיסטקאַסטן. נו, גיב אַ קוק וואָס ס'טוט זיך דאָ! האָסט דאָך דעם פעכער היינט געהאַלטן אין די הענט.

בערטאַ הויבט אָן נישטערן און מאַכן אָרדענונג אין בעט. זי האָט צונויפגעשאַרט אַ הויפן צעשאָטענע קאָרטן. די צוויי יידישע צייטונגען, צעקנייטשטע און איבערגעלייענטע האָבן זיך געוואַלגערט צופיסנס; צע־קאָפּנס האָבן זיך געוואַלגערט עטלעכע שפּאַנישע נאָכמיטאָג־צייטונגען און אַ בוך מיט שוואַרצע טעוועלעך; דאָניאַ בערטאַס אילוסטרירטער שפּאַני־שער זשורנאַל צוזאַמען מיט מאַריאַ־טערעסאַס וויצן און דעטעקטיוו זשורנאַלן האָבן זיך געהויפנט צעקנייטשטע ביי די ראַנדן פון ביידע זייטן בעט.

— נו, געפינסט טאַקע נישט דעם פעכער? — קוקט דער קראַנקער צום סופית וואָס איז אָרנאַמענטירט מיט אַן אָוואַלן קרייזן פון גיפּסענע קרענצלעך רויזן און וויינטרויבן שטוקאַטורן.

— נישטאָ, ווי אין דער ערד אַריין! — מאַכט בערטאַ אַן אָרדענונג אויפן בעט און לייגט צונויף אַלע זאַכן אויפן טישעלע, וואָס שטייט נעבן באַלקאָן פענצטער.

— מילא, איך וועל זיך שוין באַגיין אָנעם פעכער — גלאָצט נאָך דאָן נאָום אויפן סופית — מיר ווייזט זיך אויס, אַז מען קלינגט אין אונ־דזער טיר.

— ס'ווייזט זיך דיר אויס. ווער האָט ביי אונדז צו קלינגען? מען זעט נישט אין ערגעץ אפילו קיין משוגענעם הונט... — קוקט די פרוי

אַראָפּ דורכן פענצטער צו דער גאַס. אפילו דיין טייערער חבר גרשון קען נאָך חרטה האָבן אויפן וועג. מיינסט ער קומט שוין?

דאָן נאַום האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן, נאָר מאַריאַ־טערעסאַ האָט פּלוצלינג אויפגעמאַכט די טיר און אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ.

— אַ סעניאָר וואַרט פון אונטן. ער וויל וויזיטירן דעם דאָן נאַום. דאַכט זיך, אַז עס איז דער זעלבער, וואָס האָט פריער גערעדט דורכן טעלעפאָן.

דאָן נאַום האָט זיך אַ דריי געגעבן אין בעט, אַזש פון די בראָנזענע בעט־ווענטלעך האָבן אָנגעהויבן אַרויסברומען באַסאָווע מעטאַל־קלאַנגען.

— איז וואָס לאָזטו דאָרטן אַ מענטשן וואַרטן, האַ? ברענג אים שוין אַרויף אַהער. שנעלער!

דאָניאַ בערטאַ האָט אָנגעכאַפּט די דינסט ביי דער האַנט:

— וואַרט אויס אַ ווײַלע. זעסט דען נישט, אַז כ׳בין צעשויבערט. אָט, איך וועל זיך אַביסל ברענגען אין אָרדענונג. — האָט זי זיך אָנגעהויבן צו גלעטן מיט די הענט די לאָקן פונעם קאָפּ.

— אַ מענטש וואַרט דאָרטן, שטעלן זיי זיך דערווייל אַוועק קראַצן. — האָט דאָן נאַום פאַרביסן די ליפּן.

— שוין, שוין, סקאַנדאַלעווע נישט. — האָט בערטאַ זיך אָנגעשפּיגלט אין די דריי שפּיגלען פון דער שאַפע — שוין, קענסט אים שוין אַרויפרופן.

מאַריאַ־טערעסאַ איז אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער און אָפן געלאָזט די טיר. באַלד האָבן זיך געהערט אויפשטייגנדע געלאַסענע טריט אויף די טרעפּ. אַביסל שפּעטער האָט עמיצער געפּלעסקעט מיט די הענט אין דער אָפענער טיר:

— מען קען אַריינגיין?

— פּאַסע, קומט אַריין. — האָט דאָניאַ בערטאַ טרויעריק און גאַסט־פריינטלעך געשמייכלט — פּאַסע!

דער גאַסט, אַ נידעריקער און ברייטפּלייציקער, מיט אַ לענגלעך פּנים און קליינע, ברוינע, אומצוטרויליכע אויגן, האָט געגעבן צום קראַנקנס בעט, געדריקט דעם קראַנקן די הענט, געדריקט בערטאַן די האַנט און זיך אַוועקגעזעצט אויף דער רויט־פּלושענער טאַבורעטקע, וואָס די באַלע־באָסטע האָט אים צוגערוקט, האָט דער גאַסט אָנגעהויבן:

— אוי, אוי, אוי, — האָט ער אַ זיפץ געטון — נישט גוט, נישט גוט.

געמיינט כ׳וועל זיך שוין טרעפן מיט אייך אין פֿאַבריק... זיך נישט געקענט דערוואַרטן. און, דער עיקר איז דאָך: זיין געזונט און האָבן כוח צו וואַרטן... יאָ, סעניאָר שוויאַטלאָ.

— גערעכט, גערעכט, גערעכט סעניאָר ראָטשטיין. — האָט בערטאַ געשאָקלט מיטן קאָפּ — דאָס זאָג איך טאַקע: מען דאַרף וואַרטן אויפֿן ביסל געזונט. — האָט זי אָנגעהויבן צופֿן נערוועז די שפּיצן פֿון איר נאָז־טיכעלע.

— עט, עט, וואַרטן גאָר! ס׳וואָלט באַדאַרף זיין: אָדער אַהין — אָדער אַהער! וואַרטן גאָר... — האָט דער קראַנקער נאָום פֿאַרקלעמט די ציין און אָנגעהויבן שווער צו אָטעמען.

— ס׳וועט זיין גוט. ס׳וועט מוזן זיין גוט! — האָט סעניאָר ראָטשטיין זיך אַרומגעקוקט און געפּעטשלט מיט אַ האַנט אויפֿן ליילעך פֿונעם ווייסן בעט — ס׳וועט דאָך מוזן זיין גוט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ צווײדײ־טיקן טאָן.

— דערווייל איז אָבער... דערווייל — זענען נאָומס בליקן פֿייכט געוואָרן און ער האָט האַסטיק אָפּגעווענדט דעם קאָפּ פֿונעם גאַסט און געקוקט ערגעץ ווייט פֿאַר זיך.

— וואָס וועט איר טרינקען? — האָט דאָניאַ בערטאַ אַריינגעקלאַפּט פּונקט אין מאָמענט ווען דער גאַסט האָט עפּעס געוואָלט ענטפֿערן — אפשר אַ ביסל וויסקי מיט אַ שטיקעלע אייז.

— ניין, אַ שיינעם דאַנק. זייט זיך נישט מטריח — האָט דער גאַסט איידל זיך אָפּגעזאָגט — אַ שיינעם דאַנק.

— נו, אפשר עפּעס אַנדערש: אַ ביסל ביר, אַ קאָניאַק? אָדער אפשר גאָר אַ קאַפֿע? — איז די באַלעבאָסטע צוגעשטאַנען.

— ניין, מיין דאָקטאָר הייסט מיך אויך נישט טרינקען קיין שאַרפֿע געטראַנקען. נאָר, מילא, זאָל זיין אַ גלאָז טיי מיט לימענע. אַ כפרה אַלץ פֿאַר אַ גוט גלעזל טיי.

— באַלד וועט זיין טיי — האָט זיך די באַלעבאָסטע דערפֿרייט — זייט מיר מוחל אַ ווײַלע — איז זי אַרויסגעלאָפֿן פֿונעם צימער.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס אין גאַס? — האָט זיך דער קראַנקער אָפּגערופֿן נאָך אַ ווײַלע שטילשווייגעניש — אַלץ שטייט מן־הסתם אויף אַן אָרט?...

— ס'שטייט שוין גאָרנישט אויפן אָרט! — האָט דער סעניאָר ראָטשטיין געענטפערט טראַציק און זיינע קליינע אויגן האָבן זיך נאָך מער פאַר־קלענערט און פאַרשפּיזלט — אַלץ איז אין דער אדמה און יעדער דרערד־ליגער איז געוואָרן אַ יחסן אויף גאָטס־וועלט... איין כלב איז גרעסער פאַרן צווייטן... — האָט זיך דער גאַסט צוגערוקט מיט דער טאַבורעטקע נענטער צום בעט.

— אוודאי, אוודאי, — האָט זיך דער קראַנקער דווקא געוואָלט דערווייטערן פונעם גאַסט און נישט געקענט — די וועלט גייט זיך איר גאַנג...

— די וועלט גייט מיטן קאָפּ אין דער ערד אַריין! — האָט דער גאַסט אַרויסגעשאָסן פון זיך אַ באַרג מיט אָנגעזאַמלטן כעס — אפילו אייער רעכטע האַנט, אייער פאַרוואַלטער פון געשעפט, ראָזען, אפילו ער מיינט אויך, אַז ער האָט שוין אָנגעכאַפּט גאָט ביי די פּיס און פירט די גאַנצע וועלט ביי דער נאָז!...

— וואָס האָט איר צו מיין פאַרוואַלטער? — האָט דער קראַנקער אויסגעגלאָצט אַ פּאָר פאַרוואונדערטע אויגן — אַ ווילער יונגערמאַן, אַ נאַ־ציאָנאַלער ייד, טוט עפּעס פאַר ארץ־ישראל. וועמען טוט ער דען שלעכטס? ער אַרבעט שוין ביי מיר אַ סך יאָרן. איר זענט דער ערשטער פון וועמען איך הער, וואָס זאָל פון אים נישט זיין צופרידן.

— אַזוי, אַזוי, איך בין דער ערשטער... — האָט סעניאָר ראָטשטיין אַן אויפגערעגטער אָנגעהויבן עפּעס זוכן אין די קעשענעס און אַרויס־געשלעפּט אַ פּעקל סיגאַרעטן — מען מעג דאָ פאַרויכערן, אָדער מען טאָר נישט?

— מען מעג, מען מעג. — האָט דער קראַנקער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט.

סעניאָר ראָטשטיין האָט פאַרויכערט און בלאָזנדיק דעם רויך צו דאָן נאָומען אין בעט אַריין, האָט ער אָנגעהויבן רעדן מיט ביטערניש:

— אַמאָל פלעג איך באַקומען אַ ביסל קאַרטאָן־פיברע און שלעסער, וויפל איך האָב נאָר געוואָלט: אָנגעקלונגען דורכן טעלעפאָן — ראָזען האָט שוין געשיקט. ער האָט זיך געבעטן כ'זאָל נעמען וואָס מער. מיט דריי מאָנאַטן צוריק האָב איך נאָך באַקומען פאַר צוואַנציק טויזנט טאָלער

סחורה; פאַר צוויי חדשים — אַ זיבן טויזנט פּעזעס. היינטיקן חודש — מיינע שונאים זאָלן דאָס האָבן אויף פּרנסה!

— נו, ס'קומט נישט אָן קיין סחורה. נישט אַמאָליקע צייטן! — האָט דאָן נאָום הילפלאָז צעפּירט די הענט.

— וואָס גייט איר מיר דאָ דערציילן אַז ס'קומט נישט אַריין — האָט סעניאָר ראָטשטיין זיך געדרייט אָן אויפגערעגטער אויף דער פּלו־שענער טאַבורעטקע, אַז דאָס געבעטע געזעס אונטער אים האָט אָנגע־הויבן סקריפּען — פון דער צייט וואָס ער האָט זיך דערוווסט, אַז מיך האָט אָן אומגליק געטראָפן און מיין טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסט — האָט ער זיך אַ נעם געטון צו מיר, דער גאָטס גנבֿ!

— איך וועל שוין אָנקלינגען אין געשעפט אַריין און ס'וועט שוין זיין רעכט! — האָט דאָן נאָום באַרואיקט דעם גאַסט — עס ווייזט זיך אייך אויס. קיינעם גייט נישט אָן וואָס עס טוט זיך ביי יענעם אין שטוב.

— אַזוי זאָלן מיר נאָך ביידע געזונט זיין, ווייל איך בין אויך נישט מיט אַלעמען. — האָט סעניאָר ראָטשטיין אַרויפגעלייגט די לינקע האַנט אויף דער ברוסט — ווי איך דערצייל אייך נישט קיין פּוסטע מעשיות... דאָס איז די איינציקע סיבה פאַרוואָס ער פאַרקויפט מיר נישט קיין ביסל סחורה.

— אוי, הערט שוין אויף! פאַרוואָס זאָלט איר אומזיסט־אומנישט זידלען אַ מענטשן, האַ?

דאָניאַ בערטאַ איז אָנגעקומען טראָגנדיק אין דער האַנט אַ קרישטאָ־לענעם קלאָש מיט מאָן־קיכעלעך; הינטער איר איז נאָכגעגאַנגען מאַריאַ־טערעסאַ און געטראָגן אַ ניקלנע טאַץ מיט עטלעכע גלעזער טיי; די טאַץ איז אויך געווען באַשטעלט מיט טעצעלעך וואַרעניע און אַ זילבערנער צוקער־פּושקע.

— אוי, אוי, נאָ סעניאָר! — איז דאָניאַ בערטאַ אַריינגעפאַלן אין די רייד — מען טאָר דאָ נישט רויכערן. ער טאָר נישט פאַרנעמען קיין רויך — האָט זי מיט די בליקן אָנגעוויזן אויפן מאַן.

— אַנטשולדיקט, זייט מיר מוחל. — האָט סעניאָר ראָטשטיין נישט געוווסט ווהין אַוועקצוואַרפן דעם האַלבן סיגאַרעט.

— אָט, וואַרפט אַריין. — האָט בערטאַ אים אונטערגעטראָגן אַ טע־צעלע.

אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין דאָן נאָום געליגן אָן אויפגעזעצטער אין בעט און געהאַלטן אין זײַנע הענט אַ גלאָז טיי. דאָניאַ בערטאַ איז געזעסן נעבן מאַן אויפן ראַנד פון בעט און געזופּט איר גלאָז טיי, נאָר דער גאַסט האָט נאָך אַלץ גערעדט מיט היץ און אפילו נישט געקוקט אויפן גלאָז טיי וואָס ער האָט געהאַלטן אין די הענט.

— ער, אייער צדיק אין פּעלץ, דער רשע, קוקט אַרײַן צו מיר אין שטוב אַרײַן, זעט ער אַז מײַנע אַ טאָכטער האָט חתונה געהאַט מיט אַ קריסט. מילא, זעט ער... אָבער, אַז מײַנע עלטערע צוויי טעכטער האָבן חתונה געהאַט כדת משה וישראל, און מײַנע אייניקלעך לערנען זיך אין העברעאישן סעמינאַר — דאָס זעט ער נישט דער רשע מרושע! און וואָס האָב איך געקענט טון? איך בין דאָך אַ טאַטע. אָט האָט גאָר אַ טאָכ־טער פון אַ רב זיך אינגאַנצן אַוועקגעשמדט. נו!...

— גלויבט מיר, סעניאָר ראָטש'טיין, אַז איר רעדט זיך איין אַן איינ־רעדעניש. — האָט דאָן נאָום געענטפערט און אַ שטאַרקן זופּ געטון פון זײַן גלאָז — מיר האָבן אפילו נישט אָנגעהויבן וויסן פון דער גאַנצער מעשה — האָט דער קראַנקער אָפּגעווענדט זײַן בליק פונעם גאַסט און אַ רויטקייט האָט אַרויסגעשלאָגן אויף זײַן פּנים פאַרן אָפענעם ליגן, וואָס ער האָט נאָר וואָס געזאָגט.

— טרינקט, איך בעט אײַך. די טיי ווערט קאַלט. פאַרבײַסט אַ קיכעלע. היימישע מאָן־קיכעלעך, אַליין געבאַקן — האָט זיך דאָניאַ בערטאַ געבעטן ביים גאַסט.

סעניאָר ראָטשטיין האָט געפאָלגט, אַ זופּ געטון פונעם גלאָז, אָפּגע־ביסן אַ שטיקל קיכל און מיט נישט־צעקייטן ביסן אין מויל זיך עפּעס דערמאָנט. ער האָט אַ האַסטיקן שטעל אַוועק געטון דאָס גלאָז און ווײַטער אָנגעהויבן רעדן:

— נישט געוווסט... ווער האָט נישט געוווסט? אין בוענאָס איירעס ווייסט יעדער איינער וואָס ס'קאָכט זיך ביי יענעם אין טעפּל. נישקשה... אַז אייער רעדל־דרייער גיט דעם הויכן איטשע סחורה וויפל ער וויל נאָר אַליין, דאָס ווייסט די גאַנצע וועלט! דער הויכער איטשע האָט דעם חודש געקראָגן פאַר פופציק טויזנט טאָלער סחורה. און דאָס קריגט ער דערפאַר, ווײַל ער קען שפּילן אַ פּאָקער און גיט אים צו געווינען משבת לשבת אַ הונדערטער... מיך וועט ער נישט פאַרבלענדן, דער גאָטס גנב!

— אַן אויסגעטראַכטע מעשה! איך קען שוין אַנקלינגען אין געשעפט אַריין, אַז מען זאָל ברענגען די ביכער, וועט איר דעמאָלט זען, סעניאָר ראָטשטיין, אַז ס׳חלומען זיך אייך פוסטע טעג, נישט געשטויגן, נישט געפלויגן! — האָט דאָן נאָום אַריינגעשטופּט דאָס אויסגעליידיקטע גלאָז צום ווייב אין די הענט אַריין.

— וואָס מען קען אַלץ אויסטראַכטן. — איז שוין דאָניאַ בערטאַ אויפגעשפּרונגען אַ באַליידיקטע — ווען מיין מאַן וואָלט נישט געליגן צו בעט, וואָלט מען אַזוי נישט גערעדט!

— דעם אמת וויל קיינער נישט הערן. ביכער־שמיכער... — האָט זיך דער גאַסט געהאַלטן ביי דאָס זייניקע — איך וועל שוין לעבן בלייבן אָן אייער ביסל סחורה. זאָגט אים דעם רשע, אַז איך וויים ווער ער איז! — האָט סעניאָר ראָטשטיין צוגעלייגט אַ פינגער צו דער וויע פונעם אויג — איך קען אים!

דאָן נאָום האָט אָפּגעווענדט דעם קאָפּ פונעם גאַסט און פאַרזשמורעט די אויגן. דאָניאַ בערטאַ האָט זיך אויפגעשטעלט אַן אויפגערעגטע און באַליידיקטע און איז איבערגעגאַנגען צום אַנדערן ראַנד פונעם בעט און דער גאַסט האָט שנעל אַנגעהויבן טרינקען די אָפּגעקילטע טיי. עס איז שטיל געוואָרן אינעם צימער. דורכן באַלקאָן פענצטער האָבן די טויבן אַריינגעוואָרקעט. אויף דער גאַס זענען אַנגעקומען מחנות קינדער, וואָס זענען אַהיימגעקומען פון די שולן. זיי זענען אַנגעקומען מיט טומלדיקע געשרייען און זיך געיאָגט איינס נאָכן אַנדערן; פון די שכנהשע שטיבער האָבן פון די ראַדיאָס אַרויסגעווינט צאַרטע פרויען, אַזעלכע פאַרפירטע, אָפּגענאַרטע און אומגליקלעכע; שלעכטע און פאַלשע מענער קולות האָבן געשווירן אייביקע געטריישאַפט; אַ מילך־וועגעלע האָט זיך געשלעפּט פון טיר צו טיר און דאָס פערדל האָט אומגעדולדיק געטופּעט מיט די פאָדקאָוועס אין אַספאַלטירטן ברוק פון דער גאַס; אַ מענעריש קול האָט געפּויקט מיט די מילך־קאַנען און געשריגן צו דער שקאַפע:

— רואיק, קאַרמענסיטאַ! רואיק! געגאַנגען! וואַמאָס!

סעניאָר ראָטשטיין האָט זיך אויפגעשטעלט און געזעגנט:

— נו, שוין צייט צו גיין. זייט מיר געזונט און איר זאָלט האָבן אַ גיכע רפואה! זייט מיר מוחל וואָס איך האָב אייך באַלעסטיקט. ס׳טוט מיר שוין באַנג... איך האָב נישט געוואָלט פאַרשאַפן אייך קיין עגמת נפש.

כ׳וועל זיך נאָך טרעפן מיט אייך געזונטערהייט. מיר וועלן זיך נאָך ביידע טרעפן געזונטערהייט. אויך איך אַליין בין נישט מיט אַלעמען... נו, זייט מיר געזונט און שטאַרק!

— זייט אויך געזונט! — האָבן זיך ביידע מענער געדריקט די הענט און זיך כמעט נישט געקוקט אין די אויגן אַריין.

— גייט געזונטערהייט און אַ שיינעם דאַנק פאַרן וויזיט. — האָט אויך דאָניאַ בערטאַ געדריקט דעם גאַסט די האַנט — איז וואָס איז אייך, איר האָט אויך צו טון מיטן געזונט סעניאָר ראָטשטיין? — האָט בערטאַ געפרעגט מיט מיטגעפיל.

— יעדער האָט זיין פעקל, סעניאָראַ — האָט סעניאָר ראָטשטיין אַ מאַך געטון מיט דער האַנט. — עט, קיינער ווייסט נישט וועמען דער שוך קוועטשט — האָט דער גאַסט אַ זיפץ געטון — האָט נישט קיין פּאַראַיבל.

דאָניאַ בערטאַ האָט אַראָפּבאַגלייט דעם גאַסט פון די טרעפּ, באַלד איז זי צוריקגעקומען און אַ ווונק געטון צום מאַן:

— מיינסט אַז דער מענטש ווייסט נישט וואָס ער רעדט? ער איז אינגאַנצן גערעכט!

— די גאַנצע וועלט איז ביי דיר גערעכט! — האָט דער מאַן אַ וויז געטון דעם ווייב זי זאָל זיך אָוועקזעצן נעבן אים אויפן ראַנד פון בעט — שוין צייט זאָלסט וויסן, אַז ביים האַנדל איז קיין ערלעכקייט נישט פּאַראַ־נען. ווען מיר האָבן געאַרבעט ביי יענעם און מען האָט אונדז אַרויסגע־צויגן דעם קליי פון די ביינער — דעמאָלט זענען מיר געווען ערלעך און גערעכט! איצט, אַז כ׳פויל אין בעט, וועל איך זיך נישט גיין אָננע־מען קיינעמס קריוודע. פאַרשטייסט?... — האָט ער ביז אַ קריץ געטון מיט די ציין.

— מילא, זאָל זיין אַזוי. — האָט די פרוי זיך נישט געוואָלט אַוועק־זעצן — מען דאַרף אויפרוימען דאָס צימער און דו דאַרפסט שוין איינ־נעמען די טראָפּנס.

— גוט, זאָל זיין טראָפּנס. זאָג מאַריאַ־טערעסאַן זי זאָל אַרויפברענגען דעם ראַדיאָ.

— באַלד, אַ מינוטקעלע. — האָט דאָס ווייב צונויפגעשטעלט די אויסגעליידיקטע גלעזער אויף דער טאַץ.

מאַריאַ־טערעסאַ האָט פלוצלינג אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ דורך דער טיר:

— נאָך אַ סעניאָר איז געקומען. זאָל איך אים אַרויפפירן אַהער?
— ווי אַזוי זעט ער אויס? — האָט דאָן נאַום אַ פרעג געטאָן מיט נייגיר — אפשר איז דאָס גרשון?

מאַריאַ־טערעסאַ האָט מיט ביידע הענט אַ וויז געטאָן אויף זיך: — אַ הויכער, אַ דיקער, אַזאַ ווי איך.

— כ׳האָב מורא, אַז גרשון האָט שוין פאַרגעסן דעם אַדרעס — האָט דאָניאַ בערטאַ אַ פאַרצי געטאָן מיט דער נאָז — זאָל דער מענטש אויסוואַרטן אַ ווײַלע. כ׳וויל בלויז איבערבייטן דעם כאַלאַט. נעם, טראָג אַראָפּ די טאַץ מיט די גלעזער.

דאָן נאַום האָט זיך צעבייזערט:

— וועסט אַזוי אויך געפעלן מײַנע געסט... כ׳האָב פײַנט מען לאָזט וואַרטן אַ מענטשן.

בערטאַ האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק. זי האָט אויפגעעפנט די שאַפע און אַרויסגענומען אַ בלוי באַבלומטע כינעזישע קימאָנע. אַ ווײַלע האָט געדויערט און זי איז שוין מיט דער דינסט אַרויסגעגאַנגען פונעם צימער.

דאָן נאַום האָט זיך צעקרעכצט. לויט די ווייטיקן אין די קניען, האָט זיך שוין געדאַרפט אָנהויבן דער שפּעטלעכער פאַרנאַכט, וואָס דערגייט ביז צום זונאונטערגאַנג. אָט, שוין באַלד, איז אַוועק נאָך אַ טאָג און עס קומט שוין באַלד אָן נאָך אַ נאַכט. אַך, ווי גליקלעך איז אפילו די קאַליקע, וואָס קאָן אומשלייכן אָנגעשפּאַרט אויף אַ קוליע... נאָך גוט וואָס היינט קומט ווער. ווער זאָל דאָס זיין דער, וואָס וואַרט פון אונטן?

אויף די טרעפּ האָט עמיצער געגומען שטייגן שווער און מעיִשוב־דיק. הינטער די טריט איז מיטגעגאַנגען דאָניאַ בערטאַ. באַלד האָט זיך אין צימער אַריינגעשטעלט אַ דיקער ייִד מיט אַ גרויסעם פּאַלעמביטש־אָנצוג און מיט אַ רויט־אָפּגעברענט פּנים; דאָס איז געווען אשר פינקל, דער אייגנטימער פון אַ גרויס זאָקן־געשעפט. אויף זיין פּנים איז אייביק געווען צעשמירט די פאַרב פון ביטערניש, פון פּרעטענזיעס און טענות צו דער גאַנצער וועלט. אשר פינקל איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן אויף דער שוועל און אַרויס מיט לשון:

— וואָס מאַכסטו, נחומל? וואָס טוסטו? ליגסט נאָך אַלץ אין בעט און פּעסטעסט זיך? ווי לאַנג נאָך וועסטו זיך מאַכן נאַריש? און וואָס

עפעס האָסטו זיך פאַרצויגן אַזוי ווייט? און וואָס האָסטו זיך פאַרקליבן אַזוי הויך? מיינסט אַז יעדער האָט כוח צו קריכן אויף אַזוי פיל טרעפּ, האַ? — האָט ער זיך פּאַמעלעך אַריינגעשאַרט אין צימער אַריין און אַוועקגעזעצט אויף דער טאַבורעטקע און אויסגעשטרעקט צום קראַנקן אַ פאַרשוויצטע האַנט — און די ליגסט טאַקע די גאַנצע צייט אין בעט?

— אָט, פאַרפאַלן, זעסט דאָך מיין מעמד.... — האָט דאָן נאָום שוואַך געענטפערט — אַבי מען זעט זיך אַמאָל — האָט ער אים אַ קוועטש געטון די האַנט ווי מיט אַ צוואַנג.

אשר פינקל האָט זיך ראַפּטום פאַרהוסט, בלוי געוואָרן, פאַרמאַכט די אויגן, אויסגעשפּיגן אין טיכל אַריין, און אַז ער איז געקומען צו זיך, האָט ער אָנגעהויבן פאָכן מיטן פּאַנאַמאַ הוט אויפן פּנים:

— אָט, זעסט דאָך אַליין, כ׳הוס, כ׳נוס, און ס׳גייט מיר ווי אַ רשע אויף יענער וועלט... — ער האָט זיך נאָך נענטער צוגערוקט צום בעט און אַריינגערעדט דעם קראַנקן אין פּנים אַריין:

— דעם שוואַרצן משה קענסטו דאָך: קומט ער אַריין צו מיר אין גע־שעפט אַריין און נעמט פאַר זעקס טויזנט טאָלער סחורה. מיט אַ וואָך שפּעטער קומט ער ווייטער אַריין אין קלייט און נעמט פאַר פרישע צוויי טויזנט פינף טאָלער סחורה — האָסטו שוין אַכט טויזנט פינף הונדערט; מיט אַ טאָג שפּעטער פאַלט ער אַריין און כאַפּט ביז שפּעטער אַ קנאַ־קעדיקן פינף הונדערטער — האָסטו שוין קיילעכדיקע ניין טויזנט פּעזעס! עס גייען אַוועק אַ פּאָר וואָכן — דער פויגל איז נישטאָ! גיי איך אים זוכן. קוים איך האָב אים געפּאַקט! זאָג איך צו אים: וואָס מאַכסטו מיט מיר הינטישע שטיק, ווו איז מיין געלט? ענטפערט ער מיר, אַז ער האָט דערלייגט... נו, ווי אַזוי האָט ער געקענט דערלייגן, אַז איך האָב אין אים אפילו קיין הונדערטער נישט פאַרדינט?... ווי איך בין אַ ייד! האָב איך אים געגעבן אַ נעם אָן ביי די לאַצן און אים אָנגעהויבן שאָקלען, אַז איך האָב אים שיר די קישקעס נישט אַרויסגעשאָקלט. און איך האָב צו אים אַזוי געזאָגט: ממזר, גנבֿ! מיט מיר וועסטו קיין פוילע שטיק נישט מאַכן. האָסט אונטערגעשריבן? — וועסטו ביי מיר גיין אין קיטשעמענטע אַריין! און — האָט זיך אשר פינקל אויפגעהערט פאָכען מיטן הוט — מיינסט ס׳האָט געהאָלפן? ער האָט פאַר מיר מורא ווי פאַרן קאָטער! גיי זעץ אַריין אין תפיסה אַ טאַטן פון קינדער... וואָס וועט די וועלט זאָגן, האַ?

דאַן נאַום האָט גאָרנישט געענטפערט. די ווייטיקן אין די קניען, אין די פיס האָבן זיך געשטאַרקט. ער האָט זיך איינגעהאַלטן נישט צו קרעכצן. — עמיצער אַנדערש אויף מיין אָרט וואָלט שוין געוואַלדעוועט ביזן זיבעטן הימל — האָט ער געטראַכט.

— נאַ, נעם די טראָפּנס — האָט דאָניאַ בערטאַ צוגעטראָגן דעם מאַן אַ שטיקל צוקער, אויף וועלכן זי האָט אַרויפגעקאָפּעט עטלעכע טראָפּנס פון אַ רפואה — נעם אַריין אין מויל, שנעלער!

— לייג מיר אַריין — האָט דער מאַן אויפגעמאַכט דאָס מויל.

דאָניאַ בערטאַ האָט דעם מאַן אַריינגעלייגט דאָס שטיקל צוקער אין מויל אַריין און אים אַ פּעטשל געטאַן איבער דער האַנט: — ווערסט פויל, אַז גאָט זאָל זיך אויף דיר דערבאַרעמען.

— זאָל אים זיין צו רפואה! — האָט אשר פינקל געזאָגט מיט האַרץ און רחמנות — זאָל אים נאָר גאָט העלפן וועט אים שוין די פוילקייט אַוועק־גיין. האַ, נחומל, נישט אמת? — האָט ער אים אַ לייכטן פּעטשל געטאַן אויף דער קאָלדרע — וועסט נאָך ווערן אַ מענטש!

דער קראַנקער האָט אַרויפגעקוקט צום סופיט און געשוויגן מיט אומ־גלויבן און אויסגעלאָשענע האָפענונגען. ענדלעך האָט ער אַ זיפץ געטון: — אמת... איך האָף אַזוי...

— הלוואַי, גאָט! — האָט די פרוי מיטגעזיפצט און טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן.

— איר וועט זען, סעניאָראַ: נאָך אַ טאָג, נאָך אַ וואָך, און ער וועט ווערן אַ מענטש. איר וועט זען, סעניאָראַ — האָט אשר פינקל געטרייסט דאָניאַ בערטאַן און איר גוט־ברידעריש געגלעט איבער די הענט.

— אוודאי האָפן מיר צו גאָט... — האָט די פרוי זיך געווישט מיטן טיכעלע די אויגן און געשנייצט די רויט געוואָרענע נאָז — יאָ, זייט מיר מוחל, וואָס וועט איר עפּעס נעמען אין מויל אַריין?

— איך? יאָ! כ׳וואָלט עפּעס געטרינקען אַ קאַלטע זאַך: — אַ פשוט ביסל סאָדע־וואַסער האָט איר אפשר? כ׳ווייס נישט וואָס ס׳איז מיר היינט. כ׳האָב שוין היינט אויסגעטרונקען אַ ים מיט וואַסער.

— וואָס מיר סאָדע־וואַסער, וואָס... — גיב אים אַ וויסקי מיט אייז — האָט דאַן נאַום זיך אַריינגעמישט באַפעלעריש — סאָדע־וואַסער קומט ער גאָר צו מיר טרינקען...

— ניין, ניין, דו ליגן! — האָט זיך אשר פינקל אָנגעהויבן בייזערן אויפן קראַנקן — מיש זיך נישט אין מיינע געשעפטן! צום ערשטן אַביסל וואַסער און דערנאָך וועלן מיר שוין זעען. כ'אַנטלויף נאָך נישט.

— מאַריאַ־טערעסאַ! — האָט דאָניאַ בערטאַ אַראָפּגעשריגן צו דער דינסט — וואָס טוסטו דאָרטן אַ גאַנצן טאָג? קום נאָר אַרויף אַהער!

מאַריאַ־טערעסאַ האָט נישט געענטפערט. אונטן האָבן אייניצייטיק אָנגעהויבן קלינגען סיי דאָס טיר גלעקל און סיי דער טעלעפאָן. דאָניאַ בערטאַ האָט זיך איינגעהערט אַ ווײַלע און אַ צעפּלאַמטע אַראָפּגעלאָפן צו דער דינסט מיט אַ טענה:

— צום ערשטן גייט מען זען ווער ס'איז געקומען, דערנאָך לויפט מען צום טעלעפאָן. שוין צייט זאָלסט וויסן און האָבן אַביסל שכל!

מאַריאַ־טערעסאַ האָט נישט געענטפערט. זי האָט אַ מאַך געטאָן מיט אַ האַנט צו דער באַלעבאָסטע זי זאָל איר נישט שטערן, און אַרײַנגעשריגן אין טעלעפאָן:

— ניין, ניין, ס'איז אַ טעות. קאַראַמבאַ, פון דאַנען האָט מען נישט גערעדט! אוף! — האָט זי מיט רציחה אויפגעהאָנגען דאָס טרייבל און געגומען זיך אויסטענהן מיט דער באַלעבאָסטע:

— וואָס איך טו געפעלט אייך נישט, פּאַטראָנאַ... איך בין שוין ווי משוגע! איר ווילט זיך נאָר היינט קריגן מיט מיר. — האָט זי איר דורכגעשפּיזלט מיט די אויגן.

— גיי שוין, גיב אַ קוק ווער ס'קלינגט דאָרטן, בהמה, משוגענער קאָפּ! — האָט איר די באַלעבאָסטע מיט ליבשאַפט אַ פּעטשל געטאָן איבער דער באַק — אוי, מאַריאַ־טערעסאַ, פאַרוואָס ביסטו אַזאַ נאַר? — האָט דאָניאַ בערטאַ געשאָקלט דעם קאָפּ מיט באַדויערן.

— יאָ, איך בין משוגע! — האָט זי געוואָרטשעט אַ ברוגזע און געלאָפן צו דער טיר.

אויף דער גאַס בײַ דער טיר האָט אומגעדולדיק געוואַרט דינה, די קראַנקן־שוועסטער פון יידישן שפּיטאָל. זי האָט געוואַרט אַ געאײַלטע ביים אַרײַנגאַנג און געטופּעט מיטן אָפּצאַס פון אירע קליינע שיכלעך אויפן טראָטואַר; דינה איז געווען אַ מיטלוואוקסיקע פריילן, אַ דאַרע מיט אַ קליין קעפל געקרויזלטע, שוואַרץ־גרויע לאָקן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ מיידעלע, וואָס האָט זיך אויף אַ קאַפּריזנעם אופן, קאַרנאַוואַל־מעסיק, צוגע־

פאַרבט די האָר אויף זילבער גרוי. אינדעראמתן איז דינה פאַר דער צייט פאַרעלטערט געוואָרן און פאַרזעסן געוואָרן; שוין צוויי צענדליק יאָרן, ווי דינה אַרבעט אינעם יידישן שפּיטאָל. פון זיבן פאַרטאָג ביז שפּעט נאָכמיטאָג איז זי אייביק צווישן קראַנקע. פון נאָכמיטאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין, שלעפּט זי זיך אַרום איבער פרעמדע הייזער, ווו עס ליגן קראַנקע און שטעכט זיי מיט אינזשעקציעס; אין דער היים איז די אַלטע מאַמע אייביק קראַנק און שוואַך — דאַרף זי איר אוודאי שטעלן אינזשעקציעס... עס גייען אַוועק יאָרן און יאָרן און דינה זעט נישט פאַר זיך קיין געזונטן מענטשן. אפילו זונטיק קומען צו איר אויסגעשריבענע קראַנקע פונעם שפּיטאָל בעטן רעקאָמענדאַציעס צו דאָקטוירים, רעקאָ־מענדאַציעס צו מאַכן אומזיסטע ראַדיאָגראַפיעס און אַנאַליזן. און דינה איז אייביק פאַרהאָרוועט און פאַריאָגט. אפילו אין אַ פרייעם טאָג דאַרף זי גאָר פאָרן זעען, וואָס עס טוט אַ קראַנקע פרוי, וועלכע ליגט שוין אין אַ צווייטן שטאָטישן שפּיטאָל. אייביק איז דינה פאַרהאָרוועט און פאַריאָגט. די שוואַרצע לאָקן אירע ווערן וואָס אַמאָל גרויער און גרויער, נאָר דאָס פּנים איז נאָך יונג און פריש און איר גאַנץ וועזן צאַפּלט מיט יונגן אומרו. אַמאָל האָט שוין דינה געהאַט אַ חתן: אַ יונגער, געזונטער, בלאָנדער בחור, מיט אַ קאָפּ העכער פאַר איר; עס האָט שוין געהאַלטן פאַר אַ חתונה. דער חתן האָט זיך אין דער לעצטער מינוט איינגעעקשנט, ער וויל נישט אַז די שוויגער זאָל וווינען מיט זיי צוזאַמען. ער האָט פיינט קראַנקע ווייבער, קראַנקע שוויגערס... ער וויל זיין אַליין מיט זיין ווייבעלע. דינה האָט אויסגעטאָן דאָס גאָלדענע פאַרלאָבונגס־רינגל, געטאָן דאָס אַ וואָרף דעם חתן אין פּנים אַריין און אים געשאָלטן מיט וויסטע קללות:

— „גיי, זאָל דיך אַ פּאַראַוואַז צעשמעטערן! זשוליק! אַ מאַמע האָב איך נאָר איינע. אַזעלכע זשוליקעס ווי דו, קען איך האָבן הונדערט! גיי ברעך די פיס אין דרייען! און" — — —

און דינה איז געבליבן מיט איר מוטער און אַן אַנדערן האָט זי נישט געפונען. דער חתן האָט חתונה געהאַט מיט אַ צווייטער כלה... ער האָט שוין דריי קינדער. ער האָט אַ געשעפט, אַ הויז, אַן אויטאָ... און אַז זיי באַגעגענען זיך צופעליק ערגעץ, ווערט ער בלאַס, דערנאָך ווערט ער רויט, ער דרייט אַוועק דעם קאָפּ, און — — —

און דינה טופעט מיט די פיס און וואַרט מען זאָל איר עפענען די

טיר. זי פּאַרייסט דעם קאָפּ צום באַלקאָן און באַטראַכט די פּאַרוואַקסענע גרינע ווענט מיט די איינגעוואַקסענע אייביק גרינע קלעטער־פלאַנצן, וואָס ציען זיך אַרויף ביז צו דאָן נאַומס באַלקאָן און פון באַלקאָן צום דאַך; ווי גליקלעך וואָלט דינה געווען, ווען זי וואָלט מיט איר קראַנקער מוטער געקענט וווינען אין אַזאַ שטילער און שיינער געגנט, ווו די לופט שמעקט אַזוי מחיהדיק און זיס...

דער אייזערנער שטאַכעטן־טויער האָט זיך אויפגעמאַכט. דינה האָט זיך אָנגעהויבן צו בייזערן:

— כ'האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין. פאַרוואָס לאָזט מען דאָ אַזוי לאַנג וואַרטן ביים טויער, האָ?

מאַריאַ־טערעסאַ פאַרענטפערט זיך:

— די פּאַטראָנאַ איז שולדיק, די פּאַטראָנאַ איז שולדיק! וויל איך גיין צו דער טיר, שיקט זי צום טעלעפאָן; וויל איך גיין צום טעלעפאָן — לויף צו דער טיר! „משוגענע קאָפּ"... — פאַרענדיקט מאַריאַ־טערעסאַ מיט די איינציקע צוויי יידישע ווערטער, וואָס זי האָט זיך אויסגעלערנט, און גיט זיך אַ בויער מיטן פינגער אין דער שלייף, גיט זי צו פאַרשטיין, אַז דער באַלעבאָסטע פעלט אַ שרייפל אין מוח...

אַז דינה איז אַרויפגעקומען צו דאָן נאַומען אין שלאָף־צימער אַריין, האָט זיך אשר פינקל אויפגעשטעלט ראַפּטום מיטן גלאָז סאָדע־וואַסער אין דער האַנט; דאָן נאַום האָט זיך פאַרקרימט און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, אָט, ווי אַ קראַנק קינד, ווען עס דערזעט דעם דאָקטער אַריינקומען אין שטוב אַריין; דאָניאַ בערטאַ האָט אַ פאַרשמייעטע צו איר אַנטקעגנ־געשמייכלט:

— אָ, דינה, דינהלע, דינה לעבן... וואָס אַמאָל לאָזט איר אויף זיך לענגער וואַרטן. איר ווערט אַ יחסנטע. וואָס עפּעס אַזוי שפּעט! — האָט זי איר געמאַכט אַ ליבלעכן פאָרוווּרף.

— שפּעט? אַז איך וועל אַמאָל האָבן אַן אייגענעם קאָטש, וועל איך קומען פריער. — האָט דינה געשנורעט די ליפּן מיט חוזק און געבליצט מיט בייזע אויגן.

— גערעכט, גערעכט, ווי איך בין אַ יידי! — האָט אשר פינקל גע־שמייכלט און זיך צוריק אַוועקגעזעצט — איך געדענק נאָך די צייטן, ווען איך בין געגאַנגען צופּיס. איצט, אַז איך פאָר שוין מיט אַן אייגענעם

קאַטש, ווייזט זיך מיר אויס, אַז די גאַנצע וועלט, אַלע מענטש האָבן שוין אייגענע קאַטשן.

דינה האָט אויף אשרן אַ גלייכגילטיק קאַלטן קוק געטאָן. זי האָט אַרויסגענומען פונעם האַנטבייטל אַ מעטאַלן שאַכטעלע מיט די היפּאָדער־מישע אינזשעקציע שפּריצערלעך און אַרויפגעלייגט אַ האַנט צום קראַנקן אויפן אַקסל:

— נו, וואָס טוט עפּעס מיין קראַנקער? וואָס טוט איר מיר נישט אָן דעם נחת, כ׳זאָל קענען אַ קוק טון אויף אייער סימפּאַטיש פּנים — האָט זי זיך צאַרט געוויצלט מיטן קראַנקן און געפּערלט מיטן מויל שיינע ציין.

— אַז איר שטעכט מיך און פּייניקט מיך אַלע טאָג — האָט זיך דאָן נאַום צוריקגעוויצלט און געפּעסטעט און נישט געוואָלט אויסדרייען דעם קאָפּ צו דער קראַנקנשוועסטער.

— באַקענט זיך מיט אונדזערס אַ פריינט — האָט דאָניאַ בערטאַ אָנגעוויזן אויפן זיצנדיקן גאַסט.

— זייער אָנגענעם. — האָט דינה אויסגעשטרעקט צו אשרן אַ צאַרט קינדעריש הענטל.

— אַ מחיה זיך צו באַקענען מיט אַזאַ סימפּאַטישער סעניאָריטאַ — האָט אשר פּינקל זיך צעשמייכלט מיטן גאַנצן מויל נייע אַריינגעשטעלטע ציין — עס לוינט זיך שוין באַלד קראַנק צו ווערן, כדי צו קריגן שטעך פון אַזאַ סימפּאַטיש מיידעלע — האָט ער נישט געוואָלט אָפּלאָזן איר האַנט.

— אַז די מעשה איז שוין יאָ אַזאַ — האָט דינה מיט קאַלטקייט אַרויסגעריסן איר האַנט — טראָגט זשע זיך טאַקע אָפּ אויף אַ ווײַלע פון יענער זייט טיר. זייט מוחל.

— איך וועל נישט קוקן. איך וועל ביי אים גאָרנישט צוכאַפּן. — האָט אשר פּינקל זיך אויסגעדרייט מיט דער פּלייצע צום קראַנקן און נישט געוואָלט פאַרלאָזן דאָס צימער.

דאָן נאום האָט אַ פאַראיבלדיקן בליק געוואָרפן צום גאַסט, דערנאָך האָט ער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צו דער פרוי. מאַן און ווייב האָבן זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און פאַרשטאַנען. אשר איז פון שטענדיק אָן אַ נודניק

און אַ צוטשעפּעניש, נאָר אַ גוטער מענטש איז ער דאָך! דינהס טראַצי־קייט צום גאַסט האָט זיי אי געפרייט אי ווײ געטון.

— דעקט זיך אָפּ, זייט מוחל, וועל איך אייך גיבן דעם שטאָך. — האָט דינה נישט געוואַרט ביז דאָן נאַום וועט זיך אָפּדעקן. — זי האָט אַ צי געטון דאָס ווייסע ליילעך און אָפּגעדעקט דעם קראַנקנס כמעט האַלב־נאַקעטן גוף.

— מיט רחמנות... גזלנטע... — האָט זיך דער קראַנקער געבעטן, ווייל ער האָט זיך קיינמאָל נישט געקענט צוגעוווינען צום שטאָך.

דינה האָט זיך צעלאַכט מיט אַ קלינגענדיק געלעכטער:

— וואָס וואָלט שוין געווען, ווען איר וואָלט געדאַרפט געבוירן אַ קינד? — האָט זי דערוויייל צוגעגרייט דאָס קרישטאָלענע שפּריצערל — האַ? שיינע העלדן זענען די מענער...

— האָט איר, דינה! איך זאָל דערלעבן צו זען ביי אייך עטלעכע קינדערלעך. אמן! — האָט דאָן נאַום געווונטשן מיטן גאַנצן האַרצן, אָן חוזק.

— הלוואי זאָל איך נאָך דערלעבן צו זען ווי אַ מאַן וועט געבוירן אַ קינד — האָט דאָניאַ בערטאַ צוגעהאָלפן דינהן — זאָלן די מענער אויך וויסן דעם טעם, וועלן זיי שוין נישט זיין אַזעלכע פּחדנים.

— איך האָב גאָרנישט געוווסט צווישן וואָס פאַראַ שונאים איך בין דאָ אַריינגעפאַלן. — האָט אשר זיך אַריינגעמישט, נאָך זיצנדיק אַלץ מיט דער פּלייצע צום קראַנקן און צו די פרויען, און בשעת מעשה געקוקט צום פענצטער.

דערוויייל איז דאָן נאַום געליגן אָן אָפּגעדעקטער, אויף אַ זייט ליגנדיק. זיין בלאָנד באַוואַקסענער גוף האָט דורך די אונטערוועש געבלייכט מיט אַ קראַנקער בלאַסקייט און קינדערשער הילפסלאָזיקייט.

— ווי לאַנג וועל איך נאָך אַזוי ליגן... אַזוי־אָ... — האָט דער קראַנ־קער פאַרמאַכט די אויגן נישט צו זען זיין אייגענע נאַקעטקייט, פאַר וועלכער ער האָט זיך געשעמט פון זיין פריסטער קינדהייט אָן.

— אַזוי לאַנג ווי עס וועט נויטיק זיין, דאָן נאַום. — האָט דינה אים אָנגעהויבן איינרייבן אויפן דיקן פלייש מיט אַ שטיקל וואַטע געטונקען אין אַלקאָהאָל — אַ שעה מיט אַ מיטוואָך וועט עס נישט געדויערן.

— זעט נאָר ווי זיי מאַטערן דאָס אַ חולה, זעט נאָר, זעט! — האָט אשר פּינקל זיך אָנגעהויבן דרייען אויפן בענקל — ווען איך וואָלט געווען אויף זיין אָרט וואָלט איך מיט אייך געלערנט בלק! — האָט ער זיך ראַפּטום אויסגעדרייט צום קראַנקן.

— שוין, געענדיקט די אינקוויזיציע! — האָט דינה מיט רוגזא אַריינגעצילט און אַריינגעשטאָכן די נאָדל אין דאָן נאַומס דיקן פליייש אַריין — איין מינוטקעלע און די געשיכטע איז פאַרענדיקט.

— אוי, אוי, אוי, — האָט דאָן נאַום אָנגעהויבן קרעכצן — וואָס אַמאָל טוט עס מיר שטאַרקער וויי.

— אפשר אָנגעטראָפן אויף אַ שלעכט אָרט? — האָט דאָניאַ בערטאַ זיך צוגעבויגן צו דינהן מיט שרעק.

— ער האָט זיך צופיל ליב, אייער באַלעבאָס. — האָט דינה אַרויסגע־צויגן די נאָדל פונעם קראַנקנס פליייש און צוריק אָנגעהויבן איינרייבן מיטן שטיקל וואַטע אויפן איינגעשטאָכענעם אָרט — שוין! לאָמיר אים צודעקן.

אַז דער קראַנקער איז שוין געווען צוריק צוגעדעקט מיטן ווייסן ליילעך, האָט די קראַנקנשוועסטער אָנגעהויבן צוריק איינפּאַקן איר מעטאַלן שאַכטעלע. עס איז שטיל געוואָרן אין צימער און דאָן נאַום האָט נאָך אַלץ געהאַלטן די אויגן פאַרמאַכט. דאָניאַ בערטאַ האָט זיך אַוועק־געזעצט אויפן ראַנד פונעם בעט און אַריינגעקוקט מיט צער אינעם מאַנס פּנים אַריין. אשר פּינקל האָט אַרויסגעקוקט דורכן פענצטער, געזען ווי דער פאַרנאַכט יאָגט אָן. פון דער גאַס האָבן געהילכט קינדערשע קולות. פון די געדיכטע באַבלעטערטעביימער האָבן מחנות פייגעלעך אַרויסגע־טרילערט. דאָס צימער האָט אויפגעשיינט מיט פאַרנאַכטיק זון־ליכט און אויפן סופיט האָבן זיך צעלייגט זון־פלעקן, וואָס האָבן אָפּגעשאָטנט און אָפּגעשפּיגלט בלעטער און צווייגן. דער זיידענער גאָבעלין־פאָרהאַנג הינטערן בעט צוקאָפּנס, האָט אויפגעשיינט מיט אַ וויאָלעט זעלבערנעם קאָליר און דאָס בילד פון דאָן נאַומס עלטערן, — אַ ייד מיט אַ קאָלטענע־וואַטער באָרד און אַ קאַפּל אויפן קאָפּ; און די מוטער מיט אַ שטערנטיכל — האָבן אַראָפּגעקוקט צום קראַנקן זון אין בעט אַריין. דאָס בילד, אַ קונציקס אויפגעהאָנגען איבערן גאָבעלין־פאָרהאַנג — האָט אין די פאַר־

נאַכטן זיך מער אָנגעזעען ווי אַ גאַנצן טאָג. אפילו אשר פינקל האָט אָנגעשטאָכן זיינע בליקן און זיך פאַרגאַפעט.

— נו, איך גיי שוין. מאָרגן וועל איך קומען אַביסל שפּעטער — האָט דינה זיך צוגעשאַרט צו דער טיר — אַ גוטן!

— גייט געזונטערהייט, דינהלע. איר ווייסט, אַז מיר האָבן אייך גערן. וואָס זענט איר שולדיק, אַז מען דאַרף מיך שטעכן... אַז מיר טוט ווי... גייט געזונטערהייט. — האָט איר דאָן נאָום געגריסט און געפּאָכעט מיט דער האַנט.

— זייט געזונט, וועט מען אייך נישט דאַרפן שטעכן. — האָט דינה צו אים קאָקעטיש געשמייכלט.

— איך גיי אויך. איך וועל אייך באַגלייטן אַביסל. איך וועל זיך אַביסל איבערלופטערן — האָט איר דאָניאַ בערטאַ גענומען אונטערן אָרעם.

— נו, און מיט מיר געזעגנט איר אייך נישט? — האָט אשר פינקל ביטערע אַ שמייכל געטון — איך געפעל אייך טאַקע נישט?

— אָ, איר געפעלט מיר שוין גאָר שטאַרק... אַ שאָד וואָס מיר האָבן זיך נישט באַגעגנט מיט אַ צוואַנציק יאָר צוריק — האָט דינה אַ ביטערן שמייכל געטון און זיך פאַר אים שפּאָטיש פאַרנויגט — האָט מיר טאַקע אַ גוטן אָוונט!

ביידע פרויען געאָרעמטע האָבן פאַרמאַכט די טיר הינטער זיך און אַראָפּגענידערט צו דער גאַס. אשר האָט זיך אָנגעבויגן צום קראַנקן חבר און אָנגעהויבן רעדן, אַראָפּרעדן זיך פון האַרצן:

— דיר, נחום, איז נישט גוט, ווייל דו ביסט נעבעך קראַנק... מיר, אָבער, איז נישט גוט, כאָטש איך בין געזונט ווי אַ פערד! איך בין טאַקע געקומען צו דיר זיך אויסרעדן אַ ביסל. ווייסט דאָך, מיין איינציקער זון האָט מיך איבערגעלאָזט און אַוועקגעפאָרן קיין ישראל. נישט איך, נישט מיין פרוי, האָבן געלאָזט פאָרן. אָבער ער האָט אונדז געהערט ווי המן דעם גראַגער... אַ יונג, אַן אינזשיניער מיט אַ דיפּלאָם, נעמט און מאַכט פון זיך אַ שוואַרצן תל! מיין פרוי האָט אפילו זיך מיט אים נישט געזעגנט... וויפל מיר האָבן נישט געוויינט און זיך געבעטן ביי אים, האָט ער געהאַט איין ענטפער: „פּאַרפּאַקט די פּעקלעך און פאָרט מיט מיר!“ אַפּגעהאָרעוועט דרייסיק יאָר אין אַ לאַנד, זאָל איך מיט איין

מאָל פאַרפּאַקן די פּעקלעך און פאָרן?! איצט זענען מיר עלנט ווי די שטיינער... און ער, דאָרטן — רייניקט דאָס אָפּפאַל פון די קי... מיין פרוי נעמט זיך גאָרנישט אַזוי צום האַרצן ווי איך. זי פּאָרט אַלע מאָנטיק און דאָנערשטיק קיין מאַר דעל פּלאַטאַ און האַקט אין דער רולעטע, אַז ס׳גייט אַ רויך! נו, פרעג איך דיך, איז דאָס אַ לעבן? אַ בראָך צו מיין בינטל ביינער...

— איך, אויף דיין אָרט, וואָלט פאַרפּאַקט דאָס פּעקל און — היידאַ! צוזאַמען מיט מיין קינד!

— גיי, גיי שוין, גיי! וואָס זאָגסטו?! — האָט זיך אשר פינקל גע־צאַפּלט — זיך צעבערעכן אויף פּיצפּיצלעך?...

— זאָל זיין אויף פּיצפּיצלעך, אַבי זיין צוזאַמען מיט מיין קינד! — האָט דאָן נאַום ענערגיש געשאָקלט מיטן קאָפּ און געטייטלט מיטן פינגער אין דער ערד אַריין.

אשר פינקל האָט זיך אָנגעהויבן קלאַפּן מיט דער פויסט אין דער ברוסט אַריין, זיך פאַרהוסט, געוואָלט עפּעס זאָגן און נישט געקענט אַרויסברענגען אַ וואָרט פונעם מויל. נאָר פּלוצלינג האָט זיך האַסטיק אָן עפן געטון די טיר און עס האָט זיך אַריינגעשטעלט אין צימער אַריין אַ הויכער מאַן מיט אַ קליין דעמבן פּעסעלע אונטערן אָרעם.

— אוי, גרשון, גרשון! — האָט זיך דאָן נאַום אַ צאַפּל געטון — כ׳האָב געמיינט, אַז כ׳וועל שוין נישט דערלעבן דיך צו זעען... וואָס שטייס־טו ווי אַ דראָנג אויף דער שוועל? קום אַהער, אַדעלאַנטע!

גרשון, אַ שלאַנקער פאַרשוין מיט אַ פאַרברוינט פּנים ווי אַ ים־מענטש, פונעם אייביקן אַרומפאָרן אונטערוועגנס, איבער שטעט און שטעט־לעך, איז צוגעפאַלן צום קראַנקן, אים געדריקט די הענט, אים געפּאַטשט אין די אַקסלען. גרשון האָט זיך אַרויפגעוואַליעט צו דאָן נאַומען אויף דער ברוסט און אַ ווײַלע זענען זיי געווען צוגעטוליעט איינער צום צווייטן. דאָן נאַומס אויגן זענען פייכט און פאַרנעפּלט געוואָרן. אויך ביים נייעם גאַסט, ביי גרשונען, האָבן די שוואַרצע אויגן אָנגעהויבן צו פייכטן מיטן גלאַנץ פון איינגעהאַלטענעם געוויין. גרשון האָט שווער אָנגעהויבן אָטע־מען, אָוועקגעקוקט אין אַ זייט און געפרעגט מיט אַ געבראָכן קול:

— נו, אַזוי... אַזוי... ס׳גייט דיר בעסער, יאָ?

— יאָ, יאָ, ס׳גייט מיר בעסער. זעץ דיך אַוועק נעבן מיר, פּאַס־

קודניאַק! — האָט אים דאָן נאָום אַ פּעטשל געטון מיט ליבשאַפט אין פּנים אַריין.

— פּע, אַזוי רעדסטו צו אַ חבר, פּע! — האָט אשר פּינקל זיך אויפגעשטעלט און אויך זיינע אויגן האָבן שוין געלויכטן מיט טרערן, צוזעענדיק די פריידיקע באַגעגעניש. — זעצט אייך דאָ! — האָט ער געוואָלט אָפּטרעטן דעם נייעם גאַסט זיין אָרט.

— אַ שיינעם דאַנק. — האָט גרשון אַראָפּגעשטעלט פאַרזיכטיק דאָס פּעסעלע נעבן זיינע פיס — אָט וועל איך זיך נעמען אַ בענקל.

— דאָס איז מיינער אַ לאַנדסמאַן, אשר פּינקל. באַקענט אייך. — האָט דאָן נאָום זיך אַ וויש געטון מיט די פינגער די וויעס.

ביידע מענער האָבן זיך געדריקט די הענט און דאָן נאָום האָט מיט זיין מעכטיקער האַנט אַ צי געטון אויף כוח גרשונען צו זיך, ער זאָל זיך אַוועקזעצן נעבן אים אויפן ראַנד פון בעט. גרשון האָט זיך אַוועקגעזעצט.

אַ שטילקייט האָט אָנגעיאָגט. אשר פּינקל האָט אָנגעהויבן טרויעריק שאָקלען מיטן קאָפּ און גרשון און דאָן נאָום האָבן זיך שווייגנדיק געקוקט אין די אויגן אַריין.

— יאָ, איך האָב געמיינט, אַז איך וועל דיך שוין טרעפן אַ געזונטן און אַ שטאַרקן. כ׳האָב געמיינט אַז איך וועל דיך שוין טרעפן אַרומגיין אויף דיינע פיס. אַ שאָד... אָבער וועסט נאָך געזונט ווערן און וועסט נאָך טאַנצן אויף מיין חתונה... וועסט... — האָט גרשון איבערגעריסן די שטילקייט.

דאָניאַ בערטאַ איז מיט אימפּעט אַריינגעלאָפן. זי האָט אַ צעפלאַמטע זיך פאַרענטפערט פאַר גרשונען:

— אָט, אַ גאַסט, אַ טייערער גאַסט. לאַנג לעבן זאָלט איר וואָס איר זענט געקומען. אַ גאַנצן טאָג מאַכט ער מיר דעם טויט: „ווו איז גרשון, ווו איז גרשון?״... — האָט זי אים ליבלעך געדריקט די האַנט.

גרשון האָט זיך אָנגעבויגן און אויפגעהויבן דאָס דעמבענע פּעסעלע, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך און עס דערלאַנגט דער באַלעבאָסטע:

— איך האָב געבראַכט אַ ביסעלע גוטן וויין פון מענדאָסאַ, פאַר אייך און אים. איר זאָלט עס טרינקען געזונטערהייט! — האָט ער געזאָגט מיט אַ ציטערדיק קול.

— אַ שיינעם דאַנק! — האָט זיך בערטאַ פאַררויטלט — נישט געדאַרפט זיך באַלעסטיקן, ס׳קאָסט מסתמא אַ סך געלט...

— ס׳קאָסט מיך בלויז אַ מינוט טויט־שרעק — האָט זיך גרשון טרויעריק צעשמייכלט — נחום ווייסט דאָך, אַז איך בין אַן אַלטער גנב...

— אַ גנב זאָגסטו?! — אַ באַנדיט ביסטו, אַ באַנדיט, אַ גזלן! — האָט אים דאָן נאָום הינטן־אַרומער אַרומגעכאַפּט און אים צוגעצויגן צו זיך — ווען ווערסטו שוין טאַקע אַמאָל חתונה האָבן און נישט זיין אייביק אַן עלנטער הונט, האַ?

גרשון איז ערנסט געוואָרן. ער האָט זיך באַפרייט פון נאָומס הענט און זיך אויפגעשטעלט. ער האָט אַ קוק געטון אויפן האַנט־זייגערל און געזאָגט:

— שוין, נישט לאַנג וועט געדויערן. מיין כלה וואַרט טאַקע איצט אויף מיר... כ׳וועל שוין כאַפּן פון איר אַ שוואַרצן סוף!

— דו מאַכסט מיר טאַקע אַ דאָקטאָרסקן וויזיט, נאָר גיי, און זאָל זיין אין אַ מזלדיקער שעה! — האָט דאָן נאָום געטייטלט מיט אַ פינגער אויף דער טיר — אַ כלה טאָר מען נישט לאָזן וואַרטן. אַן אַנדערש מאָל קום מיט דיין כלה, לאָמיר זיך באַקענען, וועסט קומען?

— גיב נאָר אַ קוק ווי אַזוי מיר נעמען אויף אַ גאַסט? — האָט דאָניאַ בערטאַ אָוועקגעשטעלט דאָס פּעסעלע אויפן טישל — בלייבט נאָך אַ ביסל. איר וועט עפּעס אויסטרינקען מיט אונדז. ווי איז דאָס געהערט געוואָרן מען זאָל אַזוי אויפנעמען אַ גאַסט? — האָט זי אַנגעשטעלט פאַרווירט די בליקן אויף אשרן.

— אַז אַ כלה וואַרט, טאָר מען דעם חתן נישט פאַרהאַלטן! — האָט אשר פינקל געפּסקנט.

— מאָרגן וועל איך קומען נאָך אַמאָל, וועל איך שוין קענען בלייבן אַ ביסל לענגער.

— קום מיט דיין כלה. איך וויל זי קענען — האָט זיך דאָן נאָום געבעטן.

— דערווייל איז נאָך צו פרי. מיר קענען זיך ערשט אַ פּאָר טעג — האָט זיך גרשון פאַררויטלט.

— אַז איך בין געווען אַ כלה, האָב איך געוואַרט אויף מיין חתן גאַנ־

צע שעהען. נו, האָט זיך די וועלט איבערגעקערט? — האָט דאָניאַ בערטאַ בייז אַ קוק געטון צו אשרן.

אשר פינקל האָט געוואָלט עפּעס ענטפערן און זיך אָנגעהויבן רייבן די אויגן:

— כ׳ווייס נישט צי ס׳איז מיר עפּעס פינצטער געוואָרן אין די אויגן, צי עס איז שוין טאַקע טונקל? — האָט אשר ווי געטראָפן פּלוצלינג פון אַ שטאַרקן וויטיק, אַן אויסטערלישן קרעכץ געטון.

— עס איז שוין טאַקע גוט טונקל — האָט דאָניאַ בערטאַ אַ קוועטש געטון אַ קנעפּל אין דער וואַנט נעבן דער טיר און אָנגעצונדן ליכט.

ס׳איז געוואָרן ליכטיק. אין די ראַנדן פונעם סופיט, אין אַלע פיר זייטן פון די ווענט, אין די באַהאַלטן אויסגעהוילטע קאַרניזן האָבן אויפגעלויכטן די פאַרשטעלטע קונציק־איינגעמויערטע עלעקטרישע לאָמפּן; דאָס ווייכע מאַטע ליכט האָט צעטריבן די אָנגעלאָפענע טונקלקייט, נאָר אין צימער האָבן זיך אָנגעהויבן אַרומטראָגן נישט־געזעענע שוואַרצע וואָלקנס. אשר פינקל האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ וואָס אַמאָל טיפער צו די קניען און פּלוצים אַרויסגעקרעכצט מיט אַ שוואַך געוואָרן קול:

— עס ווערט מיר וואָס אַמאָל טונקעלער פאַר די אויגן... עס דרייט מיר אין קאָפּ... עס קלאַפּט ווי מיט האַמערס... כ׳פיל מיך נישט גוט, נישט גוט, אוי... — האָט ער זיך נערוועז גענומען רייסן די האָר פון קאָפּ.

דאָן נאַום האָט אויסגעשטרעקט צו אשר פינקל די האַנט און געזאָגט:

— ס׳דוכט זיך מיר אַז ביסט מיר געקומען מאַכן קאָנקורענץ... וואָס איז דיר, אשר? — האָט ער אים לייכט אָנגערירט.

דאָניאַ בערטאַ איז בלייך געוואָרן. זי איז צוגעלאָפן צו גרשונען און אים אָנגעכאַפּט ביי דער האַנט:

— ווי איז מיר, איך שרעק זיך! גייט נישט אַוועק! אוי, וואָס איז אים? — האָט זי געטייטלט מיט מורא אויף אשרן.

גרשון איז געבליבן שטיין ווי פאַרשטאַרט פון שרעק. דאָן נאַום האָט זיך נישט פאַרלוירן, ער האָט אשרן געפּעטשלט איבער די קניען:

— הויב נאָר אויף דעם קאָפּ, אשר. הויב אויף דעם קאָפּ זאָגט מען צו דיר!

גרשון איז צו זיך געקומען פונעם דערשרעק, ער איז צוגעלאָפן צו

אשרן און מיט בײדע הענט אים געפּרוװט אױפהױבן דעם קאָפּ. אשר האָט זיך צוגעטוליעט צו גרשונען.

בערטאַ האָט זיך צעשריגן מיט שרעק און פאַרבראָכן מיט די הענט:

— נאָום, נחומל, אַן אומגליק האָט אונדז געטראָפן!

דאָן נאָום האָט אױפן װײב אַ קוק געטון מיט אַ פּאָר גזלנישע אױגן און געקריצט מיט די צײן פון הילפלאָזיקײט:

— שרײ נאָר נישט, װער נאָר נישט משוגע! אַ מענטש חלשט גײט נאָך די װעלט נישט אונטער. לױף, שנעלער, מונטער אים, הײס רופן אַ דאָקטאָר. — און צו גרשונען האָט ער אַ װונק געטון: — לײג אים, פּאַװאָליע אַװעק נעבן מיר, אױפן בעט, אָט דאָ!

גרשון האָט אַרומגענומען דעם פאַרחלשטן און אים געפּרוװט אױפשטעלן. אשר פּינקל האָט שװער געאָטעמט און זײן פּנים איז געװאָרן געלבלעך בלאַס, די נאָז איז געװאָרן פאַרשאַרפּט און שפּיציק. ער האָט זיך שװער געראַנגלט מיט זײן פאַרחלשטקײט. אַ קאַלטער שװײס איז אים אַרױסגעטראָטן אױפן שטערן, און מיט האַלב־פאַרגלײזטע אױגן זיך שװער באַמיט שטײן צו בלײבן אַן אָנגעשפּאַרטער אין גרשונס אַקסל. גרשון האָט אים צוגעהאַלטן און גערוקט זיך מיט אים צום בעט. ענדלעך האָט ער זיך אַראָפּגעזעצט און זיך אױסגעצױגן אין דער גאַנצער לענג, נעבן קראַנקן דאָן נאָום.

— עס רינט אים בלוט פון דער נאָז, רופט אַ דאָקטאָר! — האָט גרשון געשריען צו דאַניאַ בערטאַ, װעלכע איז געשטאַנען בײ דער טיר אַ פאַרגליװערטע מיט טױט־שרעק אין די אױגן — רופט אַ דאָקטאָר! — און אַרױסציִענדיק זײן טאַשן־טיכל פון זײן הױזן־קעשענע, האָט ער דאָס צוגעלײגט צו אשרס נאָז, װו עס האָבן געשטראָמט צװײ ריטשקעלעך בלוט אױף די ליפּן אַראָפּ, אױפן מױל.

— צעשפּילע אים דעם קאָלנער! צי פון אים אַראָפּ דאָס רעקל, די שיך — האָט דאָן נאָום קאָמאַנדעװעט און אַ הילפלאָזער זיך געצאַפּלט און מיט אַלע כוחות געװאָלט זיך אָפּרוקן אַ ביסל פון אשרן — איך קען מיך נישט רירן און זײ שטײען װי די גולמס!

דאַניאַ בערטאַ איז פאַרשװוּנדן געװאָרן פונעם צימער. אַ װײלע שפּעטער איז מאַריאַ־טערעסאַ אַרײנגעלאָפן מיט אַ נאַסן האַנטוך און זיך אַ װאָרף געטון צו גרשונען:

— באַלד וועט קומען אַ דאָקטאָר. לאָזט וועל איך אים צולייגן אַ נאַסן, קאַלטן האַנטוך אונטערן קאַרק. דאָס וועט פאַרהאַלטן דאָס בלוט! — האָט זי אַרונטערגעלייגט דאָס נאַסע האנטוך אונטער אשרס קאָפּ.

גרשון האָט דערווייל אַראָפּגעצויגן פון אשרן די שיך, אויסגעטון דאָס רעקל, אויפגעשפּילעט דעם רימען פון די הויזן און געפאָכעט דעם פאַרחלשטן מיט זיין אייגענעם פּאַנאַמאַ־הוט.

אשר פינקל האָט אָפּגעזיפצט מיט דערלייכטערונג. ער האָט אָנגע־הויבן קומען צו זיך. ער האָט זיך געוואָלט אויפזעצן, נאָר מאַריאַ־טערעסאַ האָט נישט געלאָזט.

— רירט זיך נישט, דאָס בלוט האָט זיך נאָך אין גאַנצן נישט אָפּגע־שטעלט. וואַרט אויס, סעניאָר, איילט זיך נישט, גאָט מיינער... מאַריאַ סאַנ־טיסימאַ!

דאָניאַ בערטאַ איז צוריק אַרויפגעקומען. זי איז געווען בלאַס און פאַרוויינט. זי האָט געציטערט ווי אין אַ קדחת. גרשון האָט זיך צוגע־רוקט צו מאַריאַ־טערעסאַן:

— ברענגט נאָך אַ נאַסן טוך צום קאָפּ. דאָס קען נישט מאַכן שלעכט.

— שוין ברענג איך, סעניאָר. — איז מאַריאַ־טערעסאַ געלאָפן מיט חשק.

— אָט וועל איך נאָכאַמאָל אַ קלינג טון צום דאָקטאָר. — איז דאָניאַ בערטאַ נאָכגעלאָפן מאַריאַ־טערעסאַן.

— זעסט שוין מיינע גליקן... — האָט דאָן נאַום אַ זאָג געטון צו גרשונען — טאָמער איז מיר ווייניק מיינס, האָב איך פרעמדס אויך... נישט צו פאַרזינדיקן.

— אַזוי איז שוין דאָס לעבן — האָט גרשון אַ קוק געטון אויף זיין האַנט־זייגערל — איך מוז מיך היינט דאָך טרעפן מיט מיין כלה! וואָס זאָל איך טון? איך קען האָבן אַ מפּלה... איך בין שוין נישט קיין יונג בחורל, פאַרשטייסט? דאָס מיידל געפעלט מיר און איך האָב מורא מיט איר צו מאַכן נאַרישע שטיק... — האָט ער זיך געבראָכן די פינגער אין פאַר־לעגנהייט.

— לויף צו דער כלה, שנעל! מען וועט זיך שוין אַן עצה געבן אָן דיר. לויף! — האָט ער אים אויסגעשטרעקט די האַנט צום געזעגענען — לויף און דערצייל איר אַלץ, זי וועט פאַרשטיין...

גרשון האָט זיך דערפרייט אַ גליקלעך צעשיינטער:

— לאַנג לעבן זאָלסטו! זיי געזונט! זאָל ער אויך זיין געזונט! אַ גוטע נאַכט, — האָט ער אים געדריקט די האַנט — איך וועל זיך אפשר מאָרגן אַריינכאַפּן — האָט ער זיך אַ יאָג געגעבן צו דער טיר.

דאָן נאָום איז געבליבן אַליין מיטן אַוועקגעפאַלענעם חבר. ער האָט זיך צוגעבויגן צו אים און אויסגעהערט זיין שווער אָטעמען, געהערט ווי עס כריפּעט אים אין דער ברוסט און געפילט פון אים אַ זויערן קראַנקן שווייס. עס האָט אויסגעוויזן אַז ער דרימלט. דאָן נאָום האָט לייכטער אָפּגעזיפצט. ער האָט געטראַכט, אַז אָט, מיט אַ האַלבער שעה צוריק האָט ער דעם אשרן מקנא געווען און איצט ליגט ער נעבן אים ווי אַן אונטער־געהאַקטער קלאָץ.

— אוי, — האָט זיך אשר גענומען רירן און קרעכצנדיק גענומען מורמלען:

— נאָום, נאָום, אוי, זיי נישט בייז אויף מיר פאַר דעם שטיקל אַר־בעט וואָס כ׳האָב דיר איצט אָפּגעטון... כ׳בין גאָט די נשמה שולדיק, גלויב מיר, אוי — האָט אשר ביטער געקרעכצט.

— ש־ש־ש! רעד נישט, טאָרסט נישט רעדן. באַלד וועט קומען דער דאָקטאָר. ש־ש־ש! שוייג! — האָט דאָן נאָום שטרענג באַפוילן.

אשר האָט נישט געפאָלגט און ווייטער געמורמלט און געקרעכצט:

— כ׳בין נישט שולדיק, גלויב מיר, האָב נישט קיין פאַראיבל, אוי...

דאָן נאָום האָט געענטפערט ווי מיט כעס:

— פאַראיבל? אויף וועמען זאָל איך האָבן פאַראיבל? — האָט דאָן נאָום ביטער געשמייכלט און געגלאָצט מיט ברייט צעעפנטע אויגן. — וואָס איז דען אַ מענטש? — שוואַכער ווי אַ וואָרעם, שוואַכער ווי אַ מילבעלע, אַ קליין מילבעלע...

אשרס קול איז געוואָרן פאַריאָמערט און פאַרוויינט. פון זיין קעל האָט אַ קראַנק געבראָכן געביין אַרויסגעקרעכצט:

— אַזוי פיל יאָרן געהאָרעוועט... איצט, ס׳האַרץ זאָגט מיר, אַז כ׳וועל דאַרפן איבערלאָזן ס׳ביסל גוטס... אַזאַ גוטס וואָס איך האָב... זיך אָפּ־טראָגן... איצט, ווען כ׳וואָלט געקענט לעבן... — האָט ער אויפגעמאַכט די אויגן, אַזעלכע מאַט פאַרנעפּלטע און אַריינגעקוקט אין נאָומס לויטערע, נאָר קאַלטע אויגן.

— איך האָב מער פֿאַר דיר! נו, איז וואָס? כ'האָב קיינמאָל נישט געלעבט! און איצט, שוין צוויי יאָר ווי איך פֿויל לעבעדיקערהייט און לערן זיך שטאַרבן. נו, איז וואָס? — זענען זיינע בליקן נאָך קעלטער געוואָרן.

ביידע קראַנקע חברים זענען אַנטשוויגן געוואָרן. ביידע חברים האָבן זיך געקוקט טיף איינער אין דעם אַנדערנס אויגן אַריין, איינער האָט אין צווייטנס אויגן איבערגעלייענט די האָפֿענונגסלאָזע אומפֿאַרמיידלעכקייט פֿונעם מענטשלעכן לעבנסגאַנג, פֿון אויסגעברענטע חלומות, פֿון אויסגע־טליעטע האָפֿענונגען, פֿון זינלאָזן, פֿון אייביקן זינלאָזן לעבנספּיין.

אונטן האָט דער טעלעפֿאָן געקלונגען. עמיצער האָט געאײַלט און גע־טופּעט מיט די פֿיס. אַן אויטאָמאָביל האָט זיך אָפּגעשטעלט האַסטיק, מיט אַ סקריפּ, פֿאַר דאָן נאָומס הויז.

דער דאָקטאָר האָט אַרויפֿגעאײַלט אויף די טרעפּ.

# ליבשאַפט

מיין פריינט
וואָלף ראָזענטאַל
— אַ מתנה

דורך דער גאַנצער נאַכט האָבן בלוי־פינקלדיקע שטערן, אַריינגעלויכטן דורך די פענצטער אינעם יידישן שפיטאָל. די שטערן האָבן געבלענדט מיט האָפענונגען און גוטע צוזאָגן צו די קראַנקע, און ווי אויגן פון גוטע באַשעפענישן געקוקט מיט רחמנות צו די שלאָפע, געוואַכט איבער זייער קראַנקן שלאָף און געשימערט מיט טרייסט. נאָר מיטן אָנקום פונעם גרויען פרימאָרגן האָבן זיך די שטערן אויסגעלאָשן. פונעם טייך האָט אָנגעיאָגט אַ גרויער נעפּל. און צוזאַמען מיטן נעפּל איז מיטגעקומען דער גרויליק־קאַלטער אָטעם — דער טויט...

דער טויט, וואָס איז אַזאַ אָפטער גאַסט אין אַלע שפיטעלער, האָט אין דעם פרימאָרגן אויך אָנגעיאָגט אויפן יידישן שפיטאָל. צום ערשטן האָט עס אַריינגעיאָגט אין דעם פרויען־זאַל אויפן צווייטן שטאָק און דערנאָך האָט עס אַראָפּגעיאָגט און אַריינגעפלאַטערט אינעם מענער־זאַל אויפן ערשטן שטאָק. צוויי קראַנקע זענען כמעט איינצייטיק געשטאָרבן אין דער זעלבער שעה.

דער מאַן, וואָס איז געשטאָרבן, איז געווען הערשל דער וועבער; ער איז געווען אַ פשוטער אַרבעטער. פופצן יאָר האָט ער זיך געמאַטערט מיט זיין שלאַפקייט. ער האָט קראַנקערהייט שטענדיק געאַרבעט, זיך נישט געמאַכט קיין וועזן פון זיינע ווייטיקן און זייער זעלטן זיך פארגינען איבערצוליגן אַ טאָג אין בעט. מיט א וואָך פאַר זיין טויט האָט אים זיין מאָגן־

געשוויר אָנגעכאַפּט און שוין נישט אָפּגעלאָזט: איצט איז געקומען די צייט! ער האָט באַקומען אַ בלוט־שטורץ. פון פאַבריק האָט אים אַ חבר אָפּגעפירט אַהיים, און פון דער היים — אין שפּיטאָל אַריין. עטלעכע מינוטן פאַרן אויסגיין האָט ער זיך אָנגעכאַפּט פאַרן קאָפּ מיט זיינע געל־וואַקסענע אויס־געהאָרעוועטע הענט און געכאָרכלט: „איך בין געווען אַ נאַר... אַ נאַר!״ זיין פרוי מרים האָט זיך געבראָכן די הענט, דאָס האַרץ אירס האָט נאָך פון פריער געוווסט, וואָס עס וועט זיין דער סוף. איר יינגעלע, דער אַכט־יעריקער מאוריסיאָ, האָט אַרויסגעלייענט פון זיין מוטערס אויגן דאָס שרעקלעכע אומגליק, וואָס רוקט זיך אָן. מאוריסיאָ איז אָבער געווען צופיל פאַרקאָכט מיט זיינע שפּילערייען: דער פוטבאָל, די „פּעלאָטאַ״, האָט פאַרנומען און געהאַלטן געפאַנגען זיין גאַנץ לייב און לעבן... נאָר בלויז פאַרנאַכט, ווען ער פלעגט זיך אַריינשאַרן אין שטוב אַריין אַ פאַרשוויצטער און פאַריאַכמע־טער, איז אויף אים אַרויפגעפאַלן אַ שוואַרצע מרה־שחורה. די מאַמע האָט אים אָנגעקוקט מיט צער און תרעומות, געקריצט מיט די ציין און אים גע־דראָעט מיט אַ פינגער. מאוריסיאָ האָט פאַרשטאַנען וואָס דאָס באַטייט. ער האָט אַ פאַרשולדיקטער אַראָפּגעלאָזן דאָס קעפּל און געזאָגט:

— יאָ, יאָ, איך בין אַן אומגעטרייער הונט! דער טאַטע איז קראַנק, זייער קראַנק, און איך — שפּיל מיט די שקצים אין „פּעלאָטאַ״...

די פרוי וועלכע איז געשטאָרבן אין דער זעלבער צייט, וואָס מאוריסיאָס טאַטע, האָט געהייסן אַנאַ. זי איז געווען די פרוי פון אַ ייד, וואָס האָט געהאַט ערגעץ אַ קלייטל. דאָס גאַנצע לעבן האָט זיך אַנאַ געפּלאָגט. און אַז עס האָט אָנגעהויבן גיין בעסער אינעם קלייטל, האָט זי אָנגעהויבן קרענקען. עס איז איר שוין נישט איינגעגאַנגען דאָס אייגענע שטיבל, וואָס דער מאַן האָט געקויפט אויף אויסצוצאָלן אין צוואַנציק יאָר; עס איז איר שוין אוודאי נישט איינגעגאַנגען דער פוטערנער מאַנטל, וואָס דער מאַן האָט איר גע־קויפט. מיטן פוטערנעם מאַנטל איז זי אַרומגעלאָפן פון דאָקטער צו דאָקטער נאָך דער גרויסער רפואה. גאָרנישט האָט געהאָלפן. און אַז אַנאַ איז שוין געלעגן אויפן קראַנקנבעט, האָט זי שוין נישט געטראַכט פון דער אייגענער שטוב, פונעם קלייטל און אפילו נישט פונעם פוטערנעם מאַנטל. זי האָט בלויז געטראַכט פון איר נייניעריקן זון כאַקאָבאָ. וואָס וועט נעבעך פון אים ווערן? ווער וועט אים נעבעך אָפּהיטן?.. פאַרטאָג, מיט געציילטע מינוטן פאַר איר אויסגיין, האָט זי געבעטן די קראַנקנשוועסטער זי זאָל איר ברענגען די

קליידער, זי וויל זיך אָנטון און אַהיימגיין צום קינד. זי ווייסט, אַז ער שלאָפט איצט איר כאַקאָבאַ, נאָר ער ליגט אָפּגעדעקט, ער האָט אַן אומרואיקן שלאָף... זי וועט אים איינדעקן און צוריקקומען אין שפּיטאָל, זי וועט נישט אַנטלויפן. זי וועט קריקקומען...

די קראַנקנשוועסטער האָט איר אָפּגעווישט דעם קאַלטן שווייס פונעם שטערן. אָט גייט זי ברענגען איר די קליידער, אָט לויפט זי, באַלד, באַלד... באַלד איז די קראַנקנשוועסטער ערגעץ אַרויסגעלאָפן און צוריקגעקומען מיטן דאָקטער פון דער נאַכט-טורנע. דער דאָקטער האָט געהייסן אַרומשטעלן אַרום בעט אַ שפּאַניש-ווענטל און ביז מען האָט געבראַכט דאָס לייוונטע שפּאַנישע ווענטל איז שוין אַלץ געווען פאַרענדיקט.

אַנאַ און הערשל, וואָס זענען אין יענעם פאַרטאָג געשטאָרבן, האָבן קיינמאָל גאָרנישט געוווסט איינס פונעם אַנדערן. אויף צומאָרגנס איז אַנאַ באערדיקט געוואָרן אויפן בית-עולם פון ליניערס אויפן זעלבן קבר, ווו עס האָבן גערוט די ביינער פון איר מוטער, און הערשל איז באַערדיקט געוואָרן אויפן בית-עולם פון טאַבלאַדאַ. כמעט אין דער זעלבער שעה האָט מען זיי אַראָפּגעלאָזט אין די קברים אַריין, און אין דער זעלבער מינוט האָבן ביידע יתומים מאוריסיאָ און כאַקאָבאָ געזאָגט קדיש. צוויי יידן מיט גרויע בערד האָבן געזאָגט די תפילה וואָרט נאָך וואָרט און די קינדער האָבן זיך באַמיט נאָכצוזאָגן. ביידע ייִנגלעך האָבן זיך געצאַפּלט, געקרעכצט און גע־שלונגען פולע גערגעלעך מיט טרערן. ביידע קינדער האָבן שטייענדיק ביי די קברים, געהעשעט מיט רויט-געוואָרענע נעזלעך אויף זייער אומגליק, גע־מאטערט זייער קינדערישן געוויסן, אַז זיי האָבן זיך געשפּילט מיט „פּעלאָ־טאָס“ אין דער צייט... ווען...

אַ פולע וואָך צייט האָבן טאַקע מאוריסיאָ און כאַקאָבאָ צו די פּילקעס זיך נישט צוגערירט. אָבער אין אַ וואָך אַרום זענען זיי שוין צוריק אַרומ־געלאָפן פאַרשוויצטע און צעפּאַרעטע.

ביי אַנאַן אין שטוב איז איבערגעבליבן אַ קלייִן, וויס הינטעלע „טשיטשע“: דאָס הינטל איז געווען אין שטוב און אַנאַ האָט עס געבאָדן און געקעמט. אויס דאַנקבאַרקייט, האָט דאָס הינטל געלעקט און געקושט ביי דער באַלע־באָסטע די הענט און אפילו די פיס. און אַז אַנאַ איז אַוועק און איז שוין מער נישט צוריקגעקומען, איז דאָס הינטל אַרומגעלאָפן איבערן הייפל און געשמעקט און געשנישטערט. און אַז די באַלעבאָסטע האָט זיך דאָך נישט

באַוויזן — האָט זיך דאָס הינטל צעוואָיעט פאַר בענקשאַפט. דערנאָך האָט דאָס הינטל אויפגעהערט בענקען און וואָיען און גאַנצע שעהן זיך געשפילט מיטן קליינעם כאַקאָבאַן, אַרויפגעפאַלן אויף אים, ווי נאָר ער פלעגט צוריק־קומען פון דער שול, זיך געריסן איבער כאַקאָבאַס גומענער פּילקע.

כאַקאָביטאַס טאַטע האָט ווייטער געפירט זיין געשעפטל און געקרעכצט גאַנצע נעכט און אַן אויפהער געהוסט.

מאַוריסיאַס מאַמע האָט אויך געקרעכצט און געזיפצט גאַנצע נעכט, נאָר זי האָט נישט געהוסט; מאַוריסיאַס מאַמע איז געוואָרן אַן אַרבעטערין אין אַ פאַבריק. דעם טאַטנס חברים האָבן זי אַריינגענומען אין פאַבריק אַריין און איר אויסגעלערנט אַ פאַך. מאַוריסיאָ האָט געציילט די טעג, ער זאָל שוין וואַס שנעלער ווערן אַ גרויסער, ער זאָל קענען ווערן אַזאַ גרויסער ווי זיין טאַטע איז געווען און קענען פאַרדינען אַ סך געלט.

דערווייל האָט די מאַמע געאַרבעט און געהאָרעוועט און פונעם אָפּגע־שפּאָרטן סענט, האָט זי צום יאָר געשטעלט דעם טאַטן אַ מצבה. און אָפּט־מאָל, אין די זונטיקן, פלעגט זי קויפן בלומען און פאָרן מיטן קינד צום טאַטן אויפן בית־עולם.

אויך אַנאַס מאַן, דער אַלמן, האָט שווער געאַרבעט. זיין קלייט האָט זיך פאַרגרעסערט. די פּאָליצעס זענען פולער און שווערער געוואָרן פון אָנגע־לייגטע סחורות; ער האָט אויסגעוויזן, אַז די פּאָליצעס וועלן זיך איינברעכן. צום יאָר האָט ער געשטעלט זיין פרוי אַ שיינע מצבה פון שוואַרצן מאַרמאָר, איינגעפאַסט מיט איר בילד, דאָס זעלבע בילד, וואָס זי האָט זיך געמאַכט, ווען זי האָט באַניים דעם פוטערנעם מאַנטל.

און אין די זונטיקן, ס'רוב זומערצייט, האָט ער געקויפט בלומען און געפאָרן צוזאַמען מיט זיין זון אויפן בית־עולם פון ליניערס.

זונטיקן—אַ סך זונטיקן זענען אַוועק, און אויף די מצבות האָבן זיך גע־וואַלגערט פאַרוויאַנעטע בלומען. דערנאָך זענען ביידע מצבות ווי פאַרגעסן געוואָרן. קיינער האָט שוין מער קיין בלומען נישט געבראַכט. כאַקאָבאַס טאַטע און מאַוריסיאַס מאַמע, וואָס האָבן זיך קיינמאָל נישט באַגעגנט אינעם שפּיטאָל, זענען פון אַ שדכן צונויפגעפירט געוואָרן אין אַ רוישיקער קאָנפי־טעריע, זיי האָבן זיך צום ערשטן מאָל אָנגעקוקט און איינער האָט נישט אויסגעהאַלטן דעם צווייטנס בליקן.

איידער מרים האָט זיך אַריינגעצויגן צו איר צווייטן מאַן אין הויז,

האָט זי כמעט אַלץ אויספּאַרקויפט פון איר פריערדיקער באַלעבאַטישקייט. אויך דאָן כאָסע האָט פאַרקויפט דאָס אַלטע מעבל. אַזוי האָבן זיי זיך פריער אויסגערעדט. די קליידער פון זיין פאַרשטאָרבענער פרוי האָט דאָן כאָסע צעשאַנקען. ער האָט אַראָפּגענומען איר בילד פון דער וואַנט. בלויז דער פוטערנער מאַנטל איז געבליבן. עס האָט זיך נישט געמאכט קיין לייטישער קונה און ער האָט דעם פוטערנעם מאנטל אריינגעהאַנגען אין דער נייער שאַפע.

ווען מרים איז צום ערשטן מאָל אריינגעקומען אין איר נייער היים, פירנדיק ביי דער האנט איר מאוריסיאָן, איז זי שטיין געבליבן אויף דער שוועל פונעם הייפל א נישט דרייסטע.

טשיטשע, דער אויסגעוואקסענער ווייס־האָריקער הונט, איז איר אנט־קעגנגעלאָפן מיט א בייז־בילעריי. דאָן כאָסע האָט א געשריי געטון צו זיין כאקאָבאָן, ער זאָל פאַרטרייבן און פארמאכן דעם הונט אינעם באָד־צימערל. נאָר מאוריסיאָ, מרימס זון, האָט זיך נישט דערשראָקן. ער איז אנטקעגנ־געגאנגען דעם הונט מיט זיכערע אומדערשראָקענע טריט. אַז כאַקאָבאָ האָט אָנגעכאפּט דעם הונט ביים האלדז, האָט מאוריסיאָ זיך דערנענטערט צו אים און אים געגלעט איבער דער האָריקער פעל.

ביידע קינדער האָבן זיך אָנגעקוקט, זיך געקוקט גלייך אין די אויגן און געשמייכלט. זיי האָבן זיך געדריקט די הענטלעך ווי דערוואַקסענע מענטשן; ביידע קינדער האָבן פון אייביק געבענקט צו האָבן ברידער אָדער שוועסטער. זיי האָבן פאַרשעמטע עפּעס געשטאַמלט.

— איר זאָלט זיין ווי אמתע ברידער! — האָט דאָן כאָסע געקוואָלן פון נחת.

— הלוואי... — האָט מרים מיט אַ צווייפל און מורא געזיפצט.

אַ ניי שטיל לעבן האָט אָנגעהויבן פליסן אין דעם הויז. אפילו דער הונט האָט זיך שנעל צוגעוווינט צו די נייע איינוווינער. דאָס נייע פּאָר־פּאָלק האָט זיך פאַרשטאַנען אויפן ווונק. ביידע קינדער האָבן זיך איינגע־לעבט און געקלעפּט איינער צום צווייטן; זיי זענען געשלאָפן אין איין צימער, אַ בעטל קעגן א בעטל, זיי האָבן געלערנט אין דער זעלבער שול און אינעם זעלבן גראַד, און אין די זונטיק זענען זיי ביידע געגאנגען צוזאַמען אין קינאָ.

דאָן כאָסע און מרים האָבן מער קיין בלומען פאַר די געשטאָרבענע

נישט געקויפט. די טויטע זענען ווי פאַרגעסן געוואָרן. בלויז דער פוטער־נער מאַנטל איז געהאנגען אין דער שאַפע. ווען מרים האָט עפּעס געדאַרפט אַרויסנעמען פון דער שאַפע, האָט זי דערזעענדיק דעם מאנטל, שטענדיק א ציטער געטון. זי האָט שוין עטלעכע מאָל געבעטן דעם מאַן, אַז ער זאָל פונעם פוטער פטור ווערן. ער האָט צוגעזאָגט, אַז ווי נאָר עס וועט זיך מאכן א גוטער קונה — וועט ער דאָס גערן טון.

וואָכן און חדשים זענען ווייטער געלאָפן און אוועקגעפלאָסן אינעם נישט־געזעענעם טייך פונעם אָפּגעגאנגענעם לעבן; מרים האָט אָפּגעהיטן איר נייע היים מיטן זעלבן אייפער, ווי זי האָט אַמאָל אָפּגעהיטן איר ערשטע אומגעקומענע היים. זי האָט געריימט, געוואשן און געהאָרעוועט. דאָן כאָסע, איר צווייטער מאן, האָט געוואָלט זי זאָל צונעמען אַ דינסטמיידל. מרים האָט נישט געוואָלט. יעדן זונטיק אינדערפרי, אויב עס איז נאָר געווען אַ שיינער טאָג, האָט זי אַרויסגענומען אַלע מלבושים פון דער שאפע און זיי אַרויס־געטראָגן אינעם הייפל אַריין, אויסצולופטערן. זי האָט די קליידער צעהאנגען אויפן דראָט, אויף וועלכן מען הענגט אויס דאָס וועש צום טריקענען.

און אין דעם זונטיק איז געווען אַ ווונדערלעכער ווינטער־טאָג פול מיט זון און קאַלט שניידנדיקע, מחיהדיקע לופט; מרים האָט צעהאנגען די קליידער און ביידע ייִנגלעך האָבן צוגעהאָלפן און דאָן כאָסע האָט זיך אַרומגעפּלאָנטערט צווישן די פיס. ער האָט פונווייטן געקוקט אויף זיין שלאַנקער מרים און נישט געקעגט פון איר אָפּרייסן זיין בליק. ער האָט זי ליבער באקומען פון טאָג צו טאָג. ער האָט זיך נאָך איר געשלייכט ווי א צוטשעפעניש, און ווי די קינדער האָבן זיך נאָר פאַרקוקט, האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט כאָטש א גלעט צו טון איבער איר׳ע קאשטאַן־ברוינע געקרייזלטע האָר. מרים האָט אים אָפּגעטריבן א פארשעמטע, א ציטערנדיקע, א שעלמיש־ווונקנדיקע, אַז די קינדער וועלן באַמערקן... זי האָט זיך געהיטן מיט איר מאנס לאסקעס פאר ביידע קינדער. דערצו האָט זי געוווסט, אז איר זון איז אַן אייפערזיכטיקער. אַלע מאָל ווען ער ווערט אייפערזיכטיק, ווערט ער מיט איר ברוגז און וויל מיט איר נישט רעדן און וויל נישט עסן.

— העלף מיר בעסער אויסצעלופטערן די זאכן — האָט זי זיך געבעטן ביים מאַן.

— אָבער די קינדער העלפן דאָך דיר. — האָט ער זי געוואָלט אומ־אַרמען.

— שעם זיך כאָטש פאַר די קינדער! זיי זענען דאָך שוין גרויסע און זיי פאַרשטייען שוין... — האָט מרים גערעדט מיט חרפּה אין פּנים.

— ס׳מאַכט נישט, טייערע... וואָס פאַרשטייען זיי? — האָט דאָן כאָסע זיך געשאַרט צו איר און געאָטעמט מיט היץ.

איידער מרים האָט געזאָלט עפּעס ענטפערן איז אָנגעקומען כאַקאָביטאָ. ער האָט געטראָגן זיין מוטערס פוטערנעם מאַנטל.

— דאָס דאַרף מען אויך לופטערן? — האָט ער אומשולדיק געפרעגט מרימען.

— הם... יאָ, אוודאי יאָ. — האָט מרימס פּנים זיך פאַרצויגן מיט א וואָלקן — אוודאי, אוודאי! — האָט זי אָנגעוויזן אויפן אָנגעצויגענעם דראָט און מיט בייזקייט א קוק געטון צום מאַן, ווי זי וואָלט געזאָגט: ווען וועט מען שוין פון דעם־אָ, פּטור ווערן?

— יאָ, יאָ, דעם מאַנטל האָט מען שוין פון לאַנג געדאַרפט אַרויסנע־מען צום לופטערן — האָט דאָן כאָסע צוגענומען דעם פוטער ביים זון, א גלעט געטון מיט דער האַנט־פלאַך איבער דער ברוינער פעל און אויפ־געהאַנגגען אויפן דראָט.

— לופטערט מען! איך לאָז דיך נישט? — האָט זיך מרים פּלוצים אָנ־געצונדן אַן אויפגעבראויזטע.

— ווער נישט בייז, מרים, איך האָב דאָך דיר גאָרנישט געזאָגט? — האָט דער מאַן אויסגעגלאָצט די אויגן, ווי ער וואָלט נישט געוווסט, וואָס דאָ קומט פאָר.

— אַז איך דאַרף נישט קיין טויטע זאַכן ביי מיר! — האָבן זיך מרימס אויגן אָנגעצונדן און זי איז אַ בייזע אַריינגעלאָפן אין דער קיך אַריין — גענוג טויטע זאַכן האָב איך שוין געהאַט אַרום מיר...

— נו, נו, נאָך די וואָך וועל איך פאַרקויפן דעם מאַנטל. איך זאָג עס דיך צו! נאָר זיי נישט בייז. — האָט ער זיך געבעטן.

מרים האָט נישט געענטפערט. זי האָט געסאָפּעט א בייזע און איידער דער מאַן האָט איר נאָך עפּעס וואָס געוואָלט זאָגן, איז אָנגעקומען מרימס יינגל מאוריסיאָ. ער האָט אַריינגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער טיר און א נישט דרייסטער געזאָגט:

— מאַמאַ, מאַמיטאַ, כאַקאַביטאַ האָט זיך אוועקגעלייגט אויפן בעט און וויינט. ער וויל מיר נישט זאָגן, פאַרוואָס ער וויינט. דו האָסט אים עפּעס געזאָגט? מאַמיטאַ... — קוקט ער מיט אומרו אין דער מוטערס אויגן אַריין.

— וואָס האָב איך צו אים, קינד?... — האָט זיך מרים אַ ריס געטון מיט שרעק — פאַרוואָס וויינט ער? וואָס איז אים? — האָבן זיך מרים און כאָסע אַ לאָז געטון פון קיך אַרויס אין הייפל אַריין.

פונעם הייפל האָט זיך אָנגעהויבן צו טראָגן אַ הינטיש געוואָיערײַ באַגלייט מיט אַ קינדיש געוויין. דאָס הינטישע געוואָי האָט זיך געמישט און אויס־געמישט מיטן קינדישן געיאָמער. אַלע — דאָן כאָסע, מרים און מאַוריסיאָ זענען געבליבן שטיין ווי פאַרגליווערטע נעבן דער קיך און דערזען ווי טשיטשע, דער הונט, זיצט אונטערן הענגנדיקן ברוינעם פוטערנעם מאַנטל — זיצט דער הונט פאַרריסן מיט דער שפּיציקער מאָרדע, וואָס איז איצט ווי לענגער און שפּיציקער געוואָרן, — זיצט דער הונט מיט די פאָדערשטע לאַפּעס אונטערגעהויבן, ווי צוויי אָפּגעבריטע קינדערשע הענטלעך, וואָיעט ער אַריין אינעם מאַנטל פון זיין געשטאָרבענער באַלעבאָסטע; אינעם שטו־מען ווייס־האָריקן באַשעפעניש זענען אויפגעגאַנגען אַביסל נישט־אויסגע־דעמפטע ריחות פון אַ מענטשן, וואָס עס האָט אַזוי ליב געהאַט און נאָך ווען עס האָט אַזוי געבענקט... איצט פּלאַטערט אום דער ריח און דער אָפּשיין פון יענעם מענטש... נאָר דער מענטש, די באַלעבאָסטע, וויל נישט צוריקקומען... ווו איז זי? ווו? — וואָיעט דער הונט מיט זיין געוויין און צעגייט זיך פון צער און אויפגעוואַכטער בענקשאַפט...

אַז כאַקאַבאַ האָט דערהערט וואָיען זיין הונט, איז ער שנעל אַראָפּגע־שפּרונגען פונעם בעט א פאַרוויינטער מיט רויטגעוואָרענע ווייס. אין איין רגע האָט דער יינגל דערפילט אינעם הונט זיין איינציקן שותף צו זיין גרויסן צער... ער איז מיט א שפּרונג צוגעלאָפן צום הונט, זיך אַראָפּגעזעצט נעבן דער בריאה אויף דער ערד און איינגעראָבן זיין פּנים אין דער האָריק־ווייסער פעל. מרים האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און געזאָגט אַן אויפגע־שווידערטע:

— אָט, ביי ווֶעמען מיר וואָלטן זיך געמעגט לערנען ווי אַזוי ליב צו האָבן!... — ווערן אירע אויגן טרערנדיק פאַרנעפּלט.

דאָן כאָסע ווייסט נישט וואָס צו טון. ער שטייט און בייסט אַ פינגער, דערנאָך בייסט ער שוין די גאַנצע פויסט. ער וויל עפּעס זאָגן אויף זיין

סוחרישן שטייגער א וואָרט, וואָס זאָל צעטרייבן דעם שווארצן וואָלקן, וואָס האָט זיך ראפּטום פאַרקליבן איבער זיין קאָפּ און איבער זיין גאַנץ לעבן. ער דערנענטערט זיך צום זון און צום הונט. ער לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד צו זיי, נעמט ער זיי ביידן ארום און זאָגט, קוקנדיק מיט אזעלכע שטאַרע אויגן צו מרימען:

— טאַקע ווען מענטשן וואָלטן געווען אמתע מענטשן — וואָלטן מיר דאָך איצט געהאַט נאָך זעקס מיליאָן לעבעדיקע יידן און די וועלט וואָלט גאָר אַנדערש אויסגעזען... — האַ, מרים?

מרים וויל עפּעס ענטפערן, נאָר מאוריסיאָ גיט א קלאַפּ אריין אין מיטן:

— און איך האָב שוין באלד פאַרגעסן מיין טאַטן... — גראָבט ער איין דעם קאָפּ צו דער מוטער אין בוזעם אַריין.

— האָסט נישט פאַרגעסן און וועסט נישט פאַרגעסן!... — גלעט אים די מוטער איבערן קאָפּ און ציט זיך אויס אַ שטייף געוואָרענע.

— נו, זאָל שוין זיין גענוג, גענוג, באַסטאַ! — בעט זיך דאָן כאָסע ביי זיין יינגל, ביי זיין הינטל און ביי דער גאַנצער וועלט — זאָל שוין זיין גענוג... באסטא! פאַרפאַלן! — שטייט ער אויף פון דער ערד.

טאַטע, זון און הונט — מאַמע און זון — צעטיילט אין צוויי גרופּעס, זענען שטיין געבליבן פארזונקען אין טרויעריקן שווייגן, ווי זיי וואָלטן זיך געפונען דאָרטן, אויפן בית־עולם, יעדער נעבן זיין נאָענטן קבר. און צווישן זיי וואָיעט נאָך אַלץ דער הונט, ווערט נישט און קען נישט אנטשוויגן ווערן. דאָס געוואָיעריי שניידט זיך מיט קוויטשיקער שארפקייט, רייסט זיך דאָס געוויין פון דער הינטישער קעל, רייסט זיך און צעשוועבט זיך אונטערן גאָלדיק, בלוי־קרישטאָלענעם הימל, דערציילט עס וועגן ביסל ליבשאַפט וואָס איז נאָך פאַראַן אויף דער וועלט, סיי פאַר די לעבעדיקע, און אויך פאַר די, וואָס זענען שוין אויף אייביק אַוועקגעגאַנגען...

# כאַימיטאָ וועט צוריקקומען...

די ברייטע צענטער־גאַס איז ווי אַ טייך, וואָס פליסט אייביק און אומאויפהערלעך; אַנשטאָט כוואַליעס, יאָגן אָן אָפּהאַלט מחנות אויטאָס, טראַמווייען און אָמניבוסן. דער שוואַרצער אַספאַלט פונעם ברוק שאַרכט און גלאַנצט, בלענדט ווי אַ פעד־שוואַרצער שפּיגל־דיוואַן. די גאַס איז פול מיט קולות, מיט קלינגערייַ, מיט טרובערייַ און פייפערייַ. די גאַס איז פול מיט ווילדן הין־און־צוריק געיעג, מיט אימפּעט, מיט שטויסערייַ, מיט מענטשן געדראַנג.

ביים ראַנד פון טראָטואַר שטייט דער איבערגעוואַקסענער פערצן־יעריקער כאַימיטאָ מיט אַ זעקל אַלטע אַנצעגער אויפן אַקסל; ער שאָקלט מיטן רויט־האָריקן קאָפּ, קוקט אַריבער אויף דער צווייטער זייט טראָ־טואַר און שטעלט נישט איין צו קרייצן די גאַס. דאָס קורצע שטיקל וועג איז פול מיט טויט געפאַר: פון אומעטום לויערט דער טויט! און אויף קיינעם לויערט ער נישט אַזוי שטאַרק ווי אויף אים, אויף כאַימיטאָן, אויף זיין אויסגעדאַרטן גוף, אויף זיין פּנים מיט די זומער־שפּרענקעלעך, אויף זיינע העל־בלויע אויגן, אויף זיין גאַנץ לייב און לעבן.

ענדלעך ווערט די גאַס אַביסל פריי. גאָר ווייט יאָגן שוין פרישע אויטאָס, נאָר איצט קען מען איינשטעלן. כאַימיטאָ לויפט דורך אַ געבויגענער, מיטן זעקל. ער מאַכט לאַנגע שפּרייזן מיט די האַלב־נאַקעטע פיס, וואָס וואַקסן מיט יעדן טאָג אַלץ מער אַרויס פון די קורצע אָפּגעטראָגענע הייזלעך; און אַז ער בלייבט שטיין בשלום אויפן אַנדערן טראָטואַר, ווישט ער זיך אָפּ דעם שוויס פון שטערן און גלייכט אויס די דאַרע געבויגענע

פלייצע, וואָס הויקערט זיך אינעם אָפּגעבליאַקעוועטן העמדל, אַן אָנגע־בויגענע מיט עלנט, ווי זי וואָלט קיינמאָל קיין גלעט נישט באַקומען פון קיין פריינטלעכע האַנט.

און אַ גאַנצע וואָך, פון גאָר פרי ביז פאַרנאַכט, איז כאַימיטאָ פאַר־נומען ביי זיין פאָטער אין דער פאַרבעריי. ער העלפט אים צו מיט אַלץ וואָס ער קען און מיט אַלץ וואָס דער טאַטע וויל. גאַנצע טעג איז ער׳ איבערגעבויגן איבערן קעסל, מישט, צום מערסטן שוואַרצע פאַרב, אָטעמט אין זיך איין שוואַרצע פּאַרע, און דאָך, בלייבט ער שטענדיק ווי געווען: — אַן אויסגעדאַרטער, אַ רויטער, אַ באַשפּרענקלטער, פּונקט ווי דער טאַטע...

ער, כאַימיטאָ „דער אומגליקלעכער תם״, אַז ער ווערט אַמאָל פריי־לעך, לאַכט ער אַריין אין קעסל מיט די געפאַרבטע קליידער. און שפּע־טער, ווען די קליידער האָבן שוין אויסגעטריקנט, און ער טראָגט זיי אָפּ צום פּרעסער, לאַכט ער נאָך אַלץ. און אַז עמיצער פרעגט אים אַמאָל, מיט אַזאַ רחמנותדיקער מינע, ווי מען פרעגט עפּעס אַן אָראָפּגעגאַנגענעם פונעם זינען, פאַרוואָס ער לאַכט, ווערט ער טרויעריק און קוקט מיט די בלויע אויגן צום הימל:

— אַלץ קען מען אָפּפאַרבן. אַלע שמאַטעס קען מיין טאַטע איבער־פאַרבן, נאָר איין זאַך קען ער נישט... — ווערט ער גאָר טרויעריק.

פרעגט מען אים שוין מיט אַ שפּאָטישן שמייכל:

— וואָס זשע, כאַימיטאָ, קען מען נישט אָפּפאַרבן?

— דעם הימל, מענטש! דעם הימל!

כאַימיטאָ איז גערעכט. דער וואָס האָט געפרעגט ווערט אַנטשוויגן: אַ רחמנות אויף דעם יינגל: מען קוקט אים אַריין טיף אין די בלויע, טיפע אויגן און מען צעזיפצט זיך מיט צער.

דער איינציקער וואָס זיפצט שוין מער נישט, איז כאַימיטאָס פאָטער, דער פאַרבער; אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, באַלד נאָך דעם ווי ס׳האָט מיט כאַימיטאָן פּאַסירט דאָס אומגליק מיט דער שרפה, האָט ער און זיין ווייב אַ סך טרערן פאַרגאָסן. זיי האָבן באַוויינט דאָס פינצטערע מזל פון זייער עלצטן זון, וואָס איז פון אַ דערשרעק פאַרתמט געוואָרן... זיי האָבן נישט געזשאַלעוועט קיין געלט און געלאָפן מיט אים צו דאָקטוירים און פּראָ־פעסאָרן. דעם קינד האָט גאָרנישט געהאָלפן. פאַר יעדער זאַך האָט ער

זיך געשראָקן און אָפּגעליגן גאַנצע טעג אונטערן בעט. דערנאָך, מיט יאָרן שפּעטער, איז די מורא פון אים אַביסל אַוועק. ער איז געבליבן אַ נישט דערבאַקענער, אַ צוגעטשאַדעטער... און אַז די אַנדערע צוויי קינדער זענען געבוירן געוואָרן, האָבן זיך טאַטע־מאַמע אַביסל באַרואיקט אין זייער אומגליק. זיי פלעגן בלויז אַ זיפץ טון, ווען זיי האָבן זיך אויף אים פאַרקוקט.

עטלעכע יאָרן זענען פאַרביי און כאַימיטאָ איז געוואַקסן אין דער הויך: אַזוי הויך און דאַר, אַז יעדער וואָס האָט אויף אים אַ קוק געטון, האָט זיך דערמאָנט אין מתים, וואָס ציען זיך אויס און וואַקסן מיט יעדער שעה איידער מען באַערדיקט זיי; איינמאָל אין אַ ביינאַכט האָט זיך כאַימי־טאָס פאָטער געחלומט, אַז זיין צעתמטער זון איז געשטאָרבן. עס האָט אים, אין שלאָף הנאה געטון און ער האָט זיך געצאַפּלט. דאָס ווייב האָט אים איבערגעוועקט מיט אַ געבייזער:

— „וואָס וואַרפסטו זיך, וואָס איז דיר?"

ער האָט איר דערציילט זיין חלום און זי האָט זיך צעוויינט אין דער פינצטערניש:

— „גאָט זאָל אונדז נישט שטראָפן פאַר אונדזערע שלעכטע געדאַנ־קען... מיר זאָל זיין פאַר מיין אומגליקלעך קינד!"

דאָס ווייב האָט דערפילט אַז דער מאַן וואָלט געווען צופרידן, אַז מיטן זון זאָל טרעפן אַן אומגליק...

ווען כאַימיטאָ איז נאָך נישט געווען אַזוי הויך, האָט די מוטער זיך איינגעשטעלט פאַר אים: זי האָט אים געבאָדן, געקעמט, געקעכלט; דער טאַטע האָט נישט געלאָזט. ער האָט אים אפילו נישט געלאָזט זיך שפּילן מיט זיינע שוועסטערלעך. ער האָט אים נאָר געהאַלטן ביים קעסל פאַרב און אַרומגעשיקט. און שטענדיק האָט דער פאָטער געטראַכט: אָט, היינט וועט ער שוין נישט צוריקקומען...

כאַימיטאָ, דער תם, האָט די ערשטע צייטן גאָרנישט חושד געווען. אַז ער האָט אָפּגעטראָגן ערגעץ אַ בגד, האָט ער שפּעטער דערציילט אַלץ וואָס ער האָט געזען: ערגעץ איז אַ מענטש אַראָפּגעפאַלן פון אַ טראַמוויי; צוויי אויטאָמאָבילן האָבן זיך צוזאַמענגעשטויסן און איבערגעקערט; אויף יענער גאַס האָט אַ פּרוי, נעבן אַריינגאַנג פון אַ קינאָ, דערשאָסן אַ מאַן; אויף יענעם ראָג גאַס האָט אַ משוגענער הונט צעביסן אַ פּאָליציי־מאַן...

דער פּאָטער פּלעגט אויסהערן און די קאָנטיק־שפּיציקע קינבאַקן פלעגן ביי אים אָנהויבן ציטערן. כאַימיטאָ פלעגט פאַרענדיקן מיט זיין אייביק דין־פאַרוויינטן קול:

— אַלע מאָל, אַלע מאָל ווען איך גיי איבער די גאַסן, מוז עפּעס פּאַסירן...

דער טאַטע האָט אים אָפּגעענטפערט גאַליק און פאַרביסן:

— מיט אַלעמען פּאַסירט עפּעס. נאָר מיט דיר וויל גאָרנישט פּאַסירן...

כאַימיטאָ לאָזט אַ פאַרשולדיקטער אַראָפּ דעם רויטן קאָפּ.

— וואָלסט וועלן כ׳זאָל עפּעס געפינען?

— ניין! — טופּעט דער פּאָטער מיטן פוס.

— איך וועל אַמאָל געפינען אַ ברילאַנט, אַזוי גרויס! — ווייזט כאַימיטאָ אַ האַלבן פינגער.

— איך דאַרף נישט קיין ברילאַנטן! — גיט דער פּאָטער מיט עקל אַ שפּיי אין קעסל אַריין.

כאַימיטאָ דערשרעקט זיך. ער פאַרהויקערט אַראָפּ זיין דאַרן גוף צום טאַטן און פרעגט מיט ציטערדיקע ליפּן:

— וואָס וואָלסטו געוואָלט זאָל איך טון?

דער פּאָטער הויבט נישט אויף די בליקן, קוקט אים נישט אין די אויגן אַריין און וואַרפט אָפּגעהאַקטע ווערטער:

— אַז איך בין געווען אַזאַ גרויסער ווי דו, בין איך שוין אַוועק אין דער וועלט אַריין. געפאָרן אויף שיפן, אויף באַנען... כ׳האָב געוואָלט ווערן אַ מאַטראָז... נו, ווייסט שוין וואָס...

כאַימיטאָ האָט געמאַכט עטלעכע טריט אויף צוריק. זיין אויבערשטע ליפּ אויף וועלכן ס׳האָט געשפּראָצט אַ רויטלעכער פוך האָט אָנגעהויבן ציטערן. ער איז בלייך געוואָרן. ער האָט אָנגעהויבן דרייען מיטן קאָפּ, און מיטן וויַיז־פינגער פון דער לינקער האַנט האָט ער געטייטלט צום פּאָטער:

— איך פּאָר נישט... ניין, ניין!

אין דער בודע ביים קעסל ווערט שטיל. דער פּאָטער פאַרציט אויפן שטריק צום טריקענען אַ פּאָר מענער־הויזן. פון דער צווייטער זייט הויף דערטראָגן זיך פּיאַנאָ־טענער. דאָס לערנען זיך כאַימיטאָס שוועסטערלעך שפּילן. די מאַמע איז פאַרנומען מיטן פאַרגרייטן דעם מיטאָג. און כאַימי־

טאָ שטייט אַ פֿאַרלוירענער. דער טאַטע וויל ער זאָל אַוועקפֿאָרן ווייט, ווייט, זאָל קיינמאָל נישט צוריקקומען... און ווען ער זאָל אַוועקפֿאָרן וועט קיינער נאָך אים נישט בענקען... און ער, כּאַימיטאָ האָט דאָך אַלע אַזוי ליב. און דווקא דעם טאַטן האָט ער ליבער פֿון אַלעמען... ער ווייסט נישט פֿאַרוואָס, אים האָט ער דאָך ליבער... אַפֿילו ליבער פֿון דער מאַמען!

עס איז שטיל. פֿון קעסל זעצט אַ שוואַרצע פּאַרע. דער פּאָטער פֿאַררויכערט אַ פּאַפּיראָס. ער בלאָזט אַריין דעם רויך אינעם שוואַרצן דאַמף און גיט אַ ווונק צו כּאַימיטאָן:

— קום נאָר אַהער!

דער זון דערנענטערט זיך צו אים און קוקט אים אין די אויגן אַריין מיט געטריישאַפֿט און געבעט.

— גיי, זאָג דער מאַמען, אַז זי זאָל צואיילן דעם מיטאָג. כ׳שטאַרב פֿון הונגער...

דער זון לויפֿט שנעל אַריין צו דער מוטער אין קיך און באַלד קומט ער צוריק.

— די מאַמע זאָגט, ס׳וועט באַלד זיין פֿאַרטיק. — שמייכלט ער אונטערטעניק צום פּאָטער.

דער פּאָטער מאַכט אַ זויערע מינע:

— איך האָב געמיינט, אַז דו וועסט שוין נישט צוריקקומען...

דעם יינגל שטעלן זיך טרערן אין די אויגן. ער קורטשעט זיך איין און זאָגט מיט אַ וויינענדיק פֿאַרביסן קול:

— כּאַימיטאָ וועט צוריקקומען... שטענדיק צוריקקומען!

דער תּם בויגט נאָך נידעריקער אָן דעם קאָפּ, ווי עמיצער וואָס דערוואַרט צו קריגן אַ קלאַפּ. דער פּאָטער גייט צו אים נענטער צו, קוקט אים מיט רשעות אין די אויגן אַריין און דער זון קאָרטשעט זיך, ווי ער וואָלט וועלן אַריינוואַקסן אין דער ערד אַריין. דער געהויקערטער גוף שרייט שטום: ער וועט נישט אַוועק! ער וועט שטענדיק צוריקקומען...

# חלומות פון אַ פידל

אינעם פריעם פאַרמיטאָג האָט זיך דאָס הויפל געבאָדן אין זונען־ליכט. אויפן אויסגעפלאַסטערטן באָדן מיט די שוואַרצע און ווייסע מאָזאַיִק קאַכלעס, נעבן די גרויסע, געפּאַרבטע בלומען־טעפּ, האָט דער גרויסער ברוינער וואָלף־הונט „באָבי" זיך געשפּילט מיט דער גרויער קאַץ „עמאַ". דער הונט איז געלעגן נעבן דער קאַץ, זיך געטוליעט צו איר מיט זיין גרויסן קערפּער, נאָר זי, די קאַץ, האָט זיך געברוגזט, אַלע ווײַלע אים פאַרקראַצן מיט די נעגל אין דער מאָרדע אַריין, אין די אויגן אַריין. אָבער דער הונט האָט זיך נישט געוועהרט. ער האָט איר אָפּגעשוויגן אַ ברומענדיקער. דערנאָך, אין אַ ווײַלע אַרום, האָט ער זיך ווייטער צו איר צוגעשאַרט. און אַז די קאַץ האָט אויף אַ ווײַלע פאַרזשמורעט אירע גרינע אויגן, גיט ער איר אַ לעק מיט דער רויטער צונג איבער דער קלאָר־ווייסער, גלאַנציקער פעל.

דאָניאַ סאַראַ, אַ הויכע, אַ שלאַנקע, מיט אַ מאַט, ווייס פּנים, איז געשטאַנען אין קיך און פאַרגרייט דעם מיטאָג פאַר איר מאַן און זון; זי האָט זיך געפּאָרעט מיט די טעפּ, געפּלומפּט מיט רוגזה די קעראָסען־קיך, גרעסער געמאַכט די פייערן, און פון דער ברייטלעכער פּלייצע האָט געשטראָמט מיט יונגקייט, מיט אימפּעט. נאָר אירע געלאָקטע האָר זענען שוין געווען זילבער־גרוי, ווי ספּעציעל אָנגעפּאַרבט; זי איז שטענדיק געווען אַ שטרענגע און אַ בייזע, און אַז דער הונט האָט זיך באַגעגנט מיט דער באַלעבאָסטעס בליקן, האָט ער פאַרדרייט זייטיק זיין קאָפּ מיט מורא, ווי עמיצער וואָלט אים געדראָעט מיט אַ שטעקן; נאָר, אַז זיין

באַלעבאָסטע פלעגט אַמאָל אַ שמייכל טון, פלעגט ער אויסדרייען גלייך דעם קאָפּ און אַ לייכטן שאָקל טון מיטן עק.

זעלטן, גאָר זעלטן, האָט סאַראַ געשמייכלט. זי האָט פון דער קיך אַרויס, אַלע ווײַלע געכאַפּט אַ בייזן קוק צו אירע שטוב־באַשעפענישן, אָדער אויפן „פאַר־פאָלק", ווי זי פלעגט רופן דעם הונט מיט דער קאַץ צוזאַמען; זי האָט נישט געקענט פאַרליידן דאָס גוטע לעבן צווישן די צוויי חיות, אַ קנאה האָט איר געשטאָכן... נאָר צום ערגסטן האָט זי פײַנט געהאַט, ווען דער הונט פלעגט פאַרשווייגן, ווען די קאַץ פלעגט אים דראַפּען און שפּרינגען אין די אויגן אַרײַן. דאָניאַ סאַראַ האָט נישט געקענט גלייכגילטיק צוזען, ווי פאַר יעדער צאַרטער לאַסקע, וואָס דער הונט האָט געטון צו דער קאַץ, האָט די קאַץ אָפּגעצאָלט מיט אַ קראַץ פון אירע שאַרפע נעגל. די באַלעבאָסטע האָט געמישט מיטן גרויסן לעפל אין פאַרעדיקן טאָפּ, אַ כאַפּ געטון דעם לעפל, אַ פאָכע געטון און אַרויסגעשריגן פון דער קיך, אָט, ווי זי וואָלט גערעדט צו אַ מענטשן:

— באָבי! אַ בראָך צו דיר! נאַר! לאָזט זיך טאַנצן אויפן גרויסן נאַרישן קאָפּ... די כפרה זאָלסטו מיר ווערן... גולם!

דער הונט האָט זיך אײַנגעקאָרטשעט פאַר שרעק, באַהאַלטן דעם גרויסן קאָפּ צווישן די פאָדערשטע לאַפּעס. דאָניאַ סאַראַ האָט ווײַטער געשריגן צו דער קאַץ:

— עמאַ! עמאַ! מכשפה! וועסט אים אויפהערן פײַניקן? ברענען זאָלסטו! שטיק שלעכטס!

די קאַץ האָט אַ פינקל געטון מיט די גרינע אויגן, געכאַפּט אַ קוק צו דער באַלעבאָסטע און גלײַכגילטיק אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, זיך איבערגעדרייט אויפן רוקן און געבליבן ליגן מיטן בויך צום בלויען הימל. אַ ווײַלע ליגט זי ווי אַ געפּגערטע, און מיטאַמאָל האָט זי זיך פלינק איבערגעדרייט, אַ דראַפּע געטון דעם הונט אין אַן אויער, זיך אײַנגעקאָרטשעט און אָפּגעוואַרט.

דאָניאַ סאַראַ איז אין אַזאַ מינוט געוואָרן שרעקלעך בייז און אויפגעקאָכט. זי האָט נישט אײנמאָל געוואָרפן דער קאַץ אַ לעפל אָדער אַ גאָפּל. דערנאָך, אַז זי פלעגט נישט טרעפן אין ציל האָט זי ווײַטער געקענט רעדן:

— עמאַ, געדענק, עמאַ, אַז דו וועסט זיך אַמאָל אויסריכטן אַ שוואַרץ

יאָר: איך וועל אַמאָל הייסן, אַז דער נאַרישער הונט, דער גולם, זאָל דיך צערייסן ווי אַ הערינג... געדענק, וועסט זיך אמאָל אויסריכטן אַ שוואַרץ יאָר... עמאַ!

אַזוי האָט די באַלעבאָסטע געקענט אָפּרעדן ביז דאָס עסן איז פאַרטיק געוואָרן. דערנאָך איז זי אַרויסגעגאַנגען אין הויפל אַריין און אָפּגעריסן אַ פּאָר פאַרגעלטע בלעטלעך פון די מאַלביאָן־פלאַנצן, באַגאָסן מיט וואַסער דאָס זשאַסמין־ביימל מיט די נאָך נישט צעעפנטע בלומען־קנאָפּסלעך; דערנאָך איז זי אַריינגעגאַנגען אין עס־צימער און אַ קוק געטון אויפן זייגער און זיך געוווּנדערט, וואָס דער מאַן און דער זון זענען נאָך נישט אָנגעקומען. שפּעטער האָט זי אַריינגעגאָסן אַביסל זופּ אין אַ בלעכענעם טעלער, געלאָזט דאָס אָפּקילן און שפּעטער אַביסל, דאָס אַוועקגעשטעלט נעבן הונט.

דער הונט האָט אַ גענעץ געטון, זיך פויל אויפגעשטעלט און געקוקט צו דער קאַץ. די קאַץ האָט זיך צוגעשאַרט צום טעלער און דער הונט האָט זיך פונווייטן באַלעקט. דערנאָך, אַז די קאַץ האָט שוין געהאַט אַרויס־געלעקט אַביסל פון זיין טעלער, האָט ער אָנגעהויבן מנוחהדיק צו קייען, געשאַרט דעם טעלער מיט די לאַפּעס. אַביסל שפּעטער, אַז ער האָט שוין געהאַט אויסגעלעקט דעם טעלער, האָט דער הונט זיך דערנענטערט צו דער קיך און אָנגעהויבן אַריינשמעקן מיט געבעט אין זיינע קלוגע ברוינע אויגן.

דאָניאַ סאַראַ האָט אַ טופּע געטון מיטן פוס:

— אַוועק, פּועראַ! זיי נישט קיין קאַוואַליער! גיב נישט אַלץ אַוועק דעם שטיק שלעכטס, נאַר! פּועראַ!

דער הונט האָט נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס די באַלעבאָסטע האָט אים פיינט. מיט זיין הינטישן חוש האָט ער די באַלעבאָסטע, וואָס האָט אים אייביק געגעבן צו עסן, שטאַרק ליב געהאַט. אים האָט זיך שטענדיק אויסגעוויזן, אַז זי האָט אים פיינט. ער האָט געטון אַלץ וואָס אַ גוטער הונט קען טון: ער האָט קיינמאָל נישט אָנגעמיסטיקט אין הויפל; ער האָט נישט אַריינגעשמעקט אין די צימערן נאָך דעם ווי מען האָט אָפּלוסטרירט די פּאָלן; ער האָט קיינמאָל נישט קיין שלעכטס געטון די קאַץ מיט וועל־כער ער האָט שטענדיק געהויזט אונטער איין דאַך; ער האָט קיינמאָל נישט געוואָלט עסן פריער פאַר דער קאַץ און האָט געבילט שטענדיק, ווען מען

האָט אים געהייסן... און דאָך דערוואַרט ער זיך זעלטן אַ גלעט פון דער באַלעבאָסטעס האַנט. פאַר יעדן לעק, וואָס ער האָט איר אַמאָל געטון, פלעגט ער כאַפּן קלעפּ. און פאַר יעדן קוש וואָס ער האָט איר אַמאָל געטון אין זיין שטאַרקסטן אויסברוך פון דאַנקבאַרקייט און ליבשאַפט צו איר — האָט זי אים דערלאַנגט מיט די פיס אינעם הינטערשטן חלק... אָבער, דאָך, אַז ער בעטלט מיט די אויגן נאָך אַביסל עסן — גיט זי.

באָבי' האָט זיין באַלעבאָסטע קיינמאָל נישט גוט פאַרשטאַנען. אַז ער האָט אָפּגעגעסן דעם צולאָג, האָט ער זיך ווידער אַוועקגעלייגט נעבן זיין חברטע, די קאַץ. ער האָט געכאַפּט אַ דרימל, ביז עס האָט אים אויפגעריסן פונעם אָרט און ער איז אויפגעשפּרונגען מיט אַ פריילעך בילעריי. ער האָט דערהערט די טריט פון זיין יונגן באַלעבאָס סימאָן. ער האָט דערפילט און דערשמעקט זיינע טריט און ער שפּרינגט אויף אַ ווילד געוואָרענער פון פרייד.

אַז סימאָן, דער זון פון דאָניאַ סאַראַ, באַווייזט זיך אויפן הויפל, צעבילט זיך דער הונט פאַר גדולה: ער איז אויף אים אַרויפגעשפּרונגען, אויפגעשטעלט זיך אויף די הינטערשטע לאַפּעס אין דער גאַנצער לענג, אויסגעשמירט סימאָנען דעם אַנצוג מיט שטויב. סימאָן האָט אים פון זיך אָפּגעטריבן מיט אַ לייכטן פּאַטש אין קאַרק, אַ שמייכל געטון מיט זיין מאַטן פּנים ווי ביי דער מוטער, נאָר ער איז געווען מיט אַ קאָפּ נידעריקער פון דער מאַמע; דערצו זענען זיינע האָר נישט געווען קיין געלאָקטע. די מוטער האָט פון אים צוגענומען די ביכער, און אַ געשריי געטון אויפן הונט. באָבי האָט אַראָפּגעלאָזט מיט מורא דעם עק און דאָניאַ סאַראַ האָט געזאָגט צום זון:

— דיין טאַטע איז נאָך נישטאָ. ער האָט נאָך נישט קיין צייט... — צישעט זי מיט איר אייביקן פאַרדרוס.

סימאָן ענטפערט נישט. ער איז שוין פון קינדווייז אָן גלייכגילטיק צו דעם, וואָס די מאַמע לעבט שלעכט מיטן פאָטער. ער ווייסט, אַז די מאַמע האָט פיינט דעם הונט, ווייל ער לעבט זיך בשלום מיט דער קאַץ. דער הונט פאַרשווייגט שטענדיק אַלע עוולות, וואָס די קאַץ באַגייט קעגן אים... נאָר דער טאַטע מיט דער מאַמען פאַרשווייגן זיך קיינמאָל גאָרנישט! זיי האָבן זיך שטאַרק פיינט און רעדן צווישן זיך זייער זעלטן. און טאָמער רעדן זיי שוין יאָ צווישן זיך, שרייען זיי און געוואַלדעווען...

דאָניאַ סאַראַ גייט צוריק אַריין אין קיך און הויבט אָן פאַרגרייטן דאָס קיך־טישל. אַ גאַנצע וואָך עסט זי אין דער קיך. זי שפּרייט אויס אַ ווייס טישטעכל און פאַרגרייט טעלער פאַר דריי מענטשן. סימאָן קומט אַריין אָן אָרומגעוואַשענער, און שטעלט זיך אַוועק נעבן דער טיר. דער הונט שטייט נאָענט נעבן אים און לעקט אים די האַנט.

די מאַמע איז שוין פאַרטיק. זי זעצט זיך אַוועק און זאָגט צום זון אַ פאַרביסענע:

— דיין טאַטקעלע וועט שוין היינט נישט דערלעבן צו קומען... קענסט שוין אָנהויבן עסן. ער האָט נאָך נישט קיין צייט... — ווערט ביי איר די נאָז שאַרף און פאַרשפּיצט.

סימאָן שטייט אַ פאַרטראַכטער, אָט ווי ער וואָלט נישט געהערט וואָס מען רעדט צו אים.

ווערט די מוטער בייז:

— וועסט זיך אַוועקזעצן אָדער ניין?

דער זון קווענקלט זיך:

— לאָמיר אָפּוואַרטן נאָך אַביסל.

די מוטער גיט אַ נערוועזן שאָקל מיטן קאָפּ, מיט די גרויליקע לאָקן.

— אפילו דער הונט האָט שוין פון לאַנג אָפּגעגעסן. ס'הונגערט מיך שטאַרק... איך וואַרט נישט מער.

סימאָן כאַפּט אַ קוק צו דער מאַמען. זי איז אַביסל פאַרדרויטלט... ער ווייסט אַז די מוטער איז גאָרנישט אַזוי שטאַרק הונגעריק. ס'איז נישט אמת. ווען זי וואָלט נישט געווען זיין מוטער וואָלט ער איר דאָס געזאָגט גלייך אין די אויגן אַריין. אַזוי מוז ער שווייגן. ער זעצט זיך אַוועק ביים טישל און הויבט זיך אָן שפּילן מיט אַ מעסער. בייגט דאָס אויס ווי אַ בויגן. די מוטער קען דאָס נישט פאַרליידן:

— וועסט צעברעכן דאָס מעסער. לייג עס אַוועק!

סימאָן מאַכט זיך נישט הערנדיק. די מוטער גיט אים אַ ריס אַרויס דאָס מעסער פון די הענט און צעשרייט זיך:

— ביסט נישט בעסער פאַר דיין טאַטן... וועסט אויפוואַקסן אַזאַ לייט ווי ער! אַז ווי און ווינד וועט זיין צו דעם מיידל נעבעך, וואָס וועט דיך נעמען. ווי און ווינד וועט איר נעבעך זיין!...

סימאָן שטעלט זיך אויף און וויל עפּעס ענטפערן. נאָר מיטאַמאָל

גיט דער הונט אַ שטעל אויף די אויערן־לעפּלעך, גיט זיך אַ ריס־אויף און לאָזט זיך לויפן צו דעם טויער מיט אַ בילערײַ.

די מוטער פאַרקרימט זיך:

— דײַן טאַטקעלע איז שוין געקומען...

סימאָן כאַפּט זיך אָן ביים קאָפּ:

— מאַמאַ! מאַמע, זאָל שוין זיין גענוג! מאַמיטאַ...

מיט מינוטן שפּעטער איז שוין די גאַנצע משפּחה געזעסן רואיקע ביים טיש און געגעסן. דאָן מאָיסעס, אַ ברייטפּלייציקער מאַנספּערשוין מיט זומער־שפּרענקעלעך אויפן פּנים, קייט אַ שטיקל פלייש און קוקט מיט פאַרטראַכטע אויגן ערגעץ ווייט, ווייט. דאָס ווייב שלינגט נערוועז אירע קליינע ביסנס און קוקט אַ בייזע אינעם טעלער אַריין. און באָבי, דער הונט שטייט אויף דער שוועל, קוקט דאָן מאָיסעסן גיריק אין מויל אַריין, שמעקט די לופט. דאָניאַ סאַראַ גיט אַ פּאַכע מיטן גאָפּל און פאַרטרייבט דעם הונט:

— אין ד׳רערד אַריין! האָסט שוין היינט גענוג געפרעסן. מען וואָלט געדאַרפט אויסראַבעווען אַ באַנק אים אויסצוהאַלטן.

דאָן מאָיסעס רופט זיך אָפּ, שוין קוקנדיק צום סופיט:

— מסתמא איז דער כלב נעבעך הונגעריק. מען זעט דאָך אַז ער איז הונגעריק.

ער שטרעקט אויס דעם גאָפּל מיט אַ שטיקל פלייש צום הונט:

— נאַ!

דאָניאַ סאַראַ הויבט זיך אָן שטיקן מיטן ביסן:

— הויבסט שוין אָן? ס׳איז שוין לאַנג שטיל געווען?

דער זון מישט זיך אַריין, דאָס פּנים פאַרקרימט זיך ביי אים, ווי עמיצער וואָס האַלט ביים צעוויינען זיך:

— שוין? ס׳הויבט זיך שוין אָן די מלחמה? שוין? — צענעמט ער הילפלאָז די הענט.

די מוטער גיט אַ קלאַפּ מיט דער האַנט אינעם טיש, אַז די טעלער הויבן אָן צו ציטערן און זי צעשרייט זיך אויפן זון:

— דו, עס! קיינער פרעגט דיך נישט וואָס מיר האָבן צו טון, פאַר־שטייסט?

— איך קען דאָס נישט פאַרליידן. מען קען משוגע ווערן... — רוקט סימאָן פון זיך אַוועק דעם טעלער.

— האָב אַ טענה צו דיין טאַטן. — קערט זיך די מוטער אָפּ צו דער קיך.

דאַן מאָיסעס הויבט אָן קלינגען מיטן מעסער אינעם טעלער און זאָגט צום זון:

— גיב נאָר אַ קוק, וואָס איך האָב דאָ געטון?! מען דאַרף דאָ לאָזן אויסגיין אַ גאָטס באַשעפעניש פון הונגער... כ׳בין שטאַרקער פון אייזן אַז כ׳האַלט דאָס אויס! אַ גאָטס רחמנות אויפן הונט...

— דיין רחמנות זאָל טאַקע אַריין אין אַ משוגענעם הונט! — טייטלט אים דאָס ווייב מיט אַ פינגער אין די אויגן אַריין.

דאַן מאָיסעס פאַרזשמורעט מיט די אויגן. סימאָן הויבט זיך אויף און לויפט אַריין אין גרויסן עס־צימער. ער נעמט שנעל אַרומשפרייזן אַרום דעם קיילעכדיקן דעמבענעם טיש. מיטאַמאָל זעצט ער זיך גאָר אַוועק, בויגט אָן דעם שיין פאַרקעמטן קאָפּ, קוקט אויפן פליושענעם טישטוך און פאַרטראַכט זיך.

פון דער קיך צעטראָגן זיך די קריגערייען. די געוואַלדן ווערן שטאַר־קער. די מאַמע שרייט מיט אַ וויינענדיק קול. דער טאַטע טופּעט אָן אויפ־הער מיט די פיס. ביי יעדן טופּ לאָזט סימאָן אַלץ נידעריקער אַראָפּ דעם קאָפּ און אויפן הויפל לייכט די זון אַזוי ליכטיק. דער הימל איז טיף בלוי און ריין, נאָר סימאָנס אויגן פאַרנעפּלען זיך. דאָס יונגע בחורל ציקט מיט דער פּלייצע און וויינט פאַר חרפּה, וואָס זיינע עלטערן קריגן זיך תמיד. אין די אַרומיקע הויפלעך הערט מען אַלץ, וואָס עס קומט פאָר ביי זיי אין שטוב. שכנים לאַכן, ווערטלען זיך. אין צווייטן הויפל שפּעט אַ קינד נאָך דער מוטערס קלאָגנדיק קול. עמיצער לאַכט מיט שפּאָט.

פון סימאָנס אויגן רינען שוין טרערן ווי צעשמעלצטע בריליאַנטן; ער וויל די טרערן איינהאַלטן, נאָר ער קען נישט. ער גיט פּלוצים אַ לויף צו צום קאַמאָד מיט די קרישטאָלענע פענצטערלעך און שפּיגעלעך; ער גיט אַ כאַפּ אַראָפּ זיין פידל, וואָס ליגט אויפן קאַמאָד־דעכל, אינעם בלויען מיט סאַמעט אויסגעבעטן פוטליאַר; ער לייגט אַוועק דעם פוטליאַר אויפן טיש און ווישט זיך אויס מיטן אַרבל די אויגן. באַלד גיט ער אַ ציפּ מיט די פינגער איבער די סטרונעס. די טענער זענען אַלע פאַלשע; ער גיט זיך

ווידער אַ וויש מיט די פינגער די אויגן און הויבט אָן אָנציען די סטרונעס. באַלד גיט ער זיך אַ שטעל אַוועק אויף דער שוועל פון דער טיר, גיט אַ פּאָר מיטן סמיטשיק — און אַ דינער, קרישטאָל־ריינער טאָן צעשניידט מיט־אַמאָל אויף צווייען די געוואָלדן, וואָס טראָגן זיך איבערן הויפל.

סימאָן שטייט אויף דער שוועל פון צימער און שפּילט, פידלט. זיין פידל צעזינגט זיך און צעוויינט זיך פון פרייד: אַזוי פיל צייט געליגן אינעם פוטליאַר אַ פאַרשטומטער, מיט זשאַווערדיקע, שווייגנדיקע סטרונעס... געחלומט וועגן דער מינוט ווען עמיצער וועט אים זינגענדיק מאַכן... דער פידל האָט אָפּגעציילט אַ סך שעהען, אַ סך טעג, ביז ער האָט אָנגעהויבן שפּילן צום בלויען ליכטיקן הימל און אָנפולן די לופט מיט געזאַנג.

און סימאָן שטייט אויף דער שוועל און פידלט. ער ווייסט אַליין נישט וואָס ער שפּילט. ער קען קוים אַביסל שפּילן, נאָר ער שפּילט זעלטן, גאָר זעלטן. ער שפּילט נאָר דעמאָלט, ווען ער וויל פאַרטויבן דאָס קריגערייִ פון זיינע עלטערן. ווייל דעם פידל האָט ער דאָך נישט איבעריק ליב. וואָלט זיך דער טאַטע נישט געקריגט מיט דער מאַמען וואָלט דער פידל געקענט פוילן אין פוטליאַר און ער וואָלט אים נישט אָנגערירט.

דער פאָטער האָט שוין אויפגעהערט טופּען מיט די פיס, נאָר די מאַמע וויינט נאָך אַלץ, סימאָן שפּילט נאָך אַלץ אויפן פידל. דער סמיטשיק ציט זיך אַהין און צוריק איבער די סטרונעס און דער פידל ווערט שיר צעפּלאַצט פאַר פרייד. די לופט איז פול מיטן געזאַנג פון אַ שטומען, וואָס האָט צוריקבאַקומען זיין לשון. דער הונט ווערט פריילעך און הויבט אָן אַרומצולויפן איבערן הויפל מיט אַן אַרויסגעשטעקטער צונג. פון שכנישן הויף פלעסקען קינדער מיט די הענטלעך צום טאַקט פון דער מוזיק. די מאַמע ווערט נאָך אַלץ נישט שטיל. דער פאָטער ווערט געריירט פון דער מוטערס טרערן. ער גאַפּעט אויפן טישל: קיינער וועט שוין היינט קיין מיטאָג נישט עסן. ער, דער פאָטער, בייסט זיך אַ נערוועאישער די נעגל. עס פּייניקט אים אַ חרטה ווייטיק. דאָן מאָיסעס דערנענטערט זיך צום ווייב. ער לייגט אַרויף זיין האַנט אויף איר אַקסל און הויבט אָן בעטן מיט אַ צאַרט־געוואָרן קול:

— זאָל שוין זיין גענוג אויף היינט. ווייסט דאָך אַז די נערוון שלאָגן מיר אין קאָפּ אַריין...

דאָס ווייב שטויסט אים אָפּ פון זיך:

— גיי אַוועק פון מיינע אויגן! מלאך־המות מיינער... — קריצט זי מיט די ציין.

דאַן מאָיסעס גיט אַ פאַרשעמטן שמייכל און אַ רויטקייט באַשלאָגט אים. ער לאָזט זיך גיין צום שלאָף־צימער. אַז ער גייט פאַרביי זיין זון זאָגט ער צו אים מיט פאָרוואורף:

— דו האָסט נאָר ליב צו שפּילן דעמאָלט, ווען איך קריג מיך מיט דער מאַמען. איידער מיר קריגן זיך ווילסטו קיינמאָל נישט שפּילן... מעגסט שוין אויפהערן גרימפּלען, כ׳וויל כאַפּן אַ דרימל.

סימאָן מאַכט זיך נישט וויסנדיק און נישט הערנדיק. ער שפּילט נאָך אַלץ, ער ציטערט מיט די פינגער אויף די סטרונעס און קוקט מיט פייכטע אויגן צום הימל. דער פאָטער שרייט אַרויס פון שלאָף־צימער:

— לייג אַוועק דעם פידל! איך קען אים באַלד צעברעכן, אָט וועסטו זען...

סימאָן שפּילט נאָך אַ ווײַלע, נאָר אַ מינוט שפּעטער בלייבט דער סמיטשיק מאַכטלאָז און טויט ליגן אויפן פידל. עס ווערט שטיל. סימאָן טראָגט אַריין דעם פידל אין שטוב, לייגט דאָס אַריין אינעם פּוטליאַר און לאָזט דאָס ליגן אויפן טיש. ער זעצט זיך אַוועק, שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויף די הענט און בלייבט זיצן פאַרטראַכט און טרויעריק. ער הערט זיך צו ווי די מוטער פּאָרעט זיך אויפן הויפל. זי רופט דעם הונט און גיט אים אַוועק דאָס פאַרבליבענע עסן. זי טרייבט פון זיך אַוועק די קאַץ וואָס נעמט זיך רייבן אין אירע פיס:

— נאַט, פרעסט! איר האָט היינט אַ גוטן טאָג... פּגרן זאָלט איר!...

סימאָן שפּאַרט אָן דעם קאָפּ אויפן טיש און הויבט אָן דרימלען. ער אָטעמט שטיל און נעבן אים וואַכט דער פידל, וואָס גלאַנצט אינעם פּוטליאַר ווי אַ פאַרחלשטער פיש, וואָס מען האָט שוין לאַנג אַרויסגעצויגן פון אַ קוואַלענדיקן טייך; דער פידל אָטעמט פון זיך אַרויס מיט נישט אויסגעשפּילטע געזאַנגען; דער פידל חלומט וועגן מינוטן ווען זיין דרימלענדיקער באַלעבאָס, וועט אים ווייטער האַלטן אין די הענט, אַרויסציען פון אים שפּילנדיקע זינגענדיקע טענער, אויסמישן זיי מיטן ווינט און אַוועקשיקן זיי שוועבנדיקע צום הימל, צום הימל, אין אַלע פיר זייטן פון דער וועלט.

און סימאָן חלומט אויך. ער בעט אין זיין דרימל, אַז זיינע טאַטע און

מאַמע זאָלן זיך שוין מער נישט אַרומקריגן, נישט אַרומרייסן זיך יעדן טאָג, שכנים זאָלן נישט לאַכן מיט שפּאָט און דער פידל זאָל שוין רואיק ליגן אויף אַן אָרט, רוען אויף אייביק אינעם פוטליאַר. ער זאָל אים שוין מער קיינמאָל נישט דאַרפן אָנרירן, קיינמאָל מער אין דער האַנט אַריין נישט נעמען...

דאָס יונגע בחורל סימאָן האָט אין זיין פאַרדרימלטקייט איבער־געלייגט די הענט אונטער זיין פּנים, געשמייכלט און געזעען זיין פידל אַ פאַרשטויבטן, אַ פאַרשימלטן, אַ צעפּרעסענעם פון מילבן, אַן אויף אייבי־קייטן פאַרשטומטן... מיטאַמאָל האָט זיך ווער צעזיפצט: עס האָט זיך געקענט אויסווייזן, אַז דאָס האָט זיך צעזיפצט דער פידל, וואָס האָט געוויי־טיקט פון די חלומות פון זיין פאַרדרימלטן יונגן באַלעבאָס...

# ווייטער ווי דאָרטן...

אײנעם שמאָלן און לאַנגן קעלער, ווו עס האָט זיך געפונען די דרוקערײ „בבל״, האָבן די לינאָטיפּן — די שריפט־מאַשינען — געאַרבעט אָן אויפהער, אָן אָפּרו גאַנצע טעג און נעכט, גאַנצע חדשים און יאָרן און קיינמאָל נישט גערוט קיין איבעריקע שעה. אייביק האָט אין דעם פינצטערן קעלער־טונעל געאַווירט מיט פאַרדומפּנקייט, שימל און קעץ־קויט; גרויסע שטשורעס זענען אומגעלאָפן צווישן די ריזיק פּאַס־אַרטיקע פּאַפּיר־ראָלן און אָנגעשמעקט אויב עמיצער פון די אַרבעטער האָט מיט־געבראַכט עפּעס צום עסן, עפּעס צום איבערכאַפּן בעת דער אַרבעט; פון די לינאָטיפּ־קעסלען האָט אַרויסגעזעצט אַן אייביקער טשאַד פון בלײ־אַנטימאָניום און א געלבלעך־ראָזיקער נעפּל מיט א ביטערן טעם, האָט געקרעלט און געשטיקט אין די העלדזער, געקראָכן מיט האַרבער בי־טערניש אין די אויגן אַריין. די לופט איז פול געוועזן מיט גראַפיט־שטויב און בלײ־שטויב, וואָס האָט געפּרוכעט אויף די מאַשינען. דער רעש פון דער פלאַנאַ־מאַשין האָט זיך געקוילערט הין־און־קריק ווי פאַרדומפּטע אונטערערדישע דונערן, און דאָס אייביקע אַריינפאַלן און אַרויספאַלן פון די שריפט־מאַטריצן אין די מעשענע מאַגאַזינען האָבן געהאָגלט מיט טרוקענע קלעפּעלעך; די טראַנסמיסיע־פּאַסן האָבן געצישעט ווי שלענג; די שריפטמאַשינען האָבן זיך אומויפהערלעך געקרעקט, געוואָרגן, אייבּ־געביסן עפּעס מיט איבערגעבראָכענע ציינער און אויסגעשפּיגן הייסע בלײ־שורות אויף פאַרשיידענע לשונות: אויף יידיש, אויף אונגאַריש, אויף רו־סיש, אויף שפּאַניש...

שלמה, דער יידישער לינאָטיפּיסט, מיטן שאַרף קאַנטיקן פּנים און פֿליכעוואַטן קאָפּ, מיט ברייט־דינע פאַרביסענע ליפּן און אייביק רויטער, אייביק פאַרקאַטערטער נאָז, מיט א פּאָר ריזיקע הענט, וואָס האָבן זיך נישט געפּאַסט פאַר זיין פּראָפעסיע — האָט ער זיך געאיילט אויסצוזעג־דיקן די לעצטע פּאָר שורות פון א כתב־יד; זיינע דיקע פינגער זיינען אומגעלאָפן מיט אומגעוויינלעכער שנעלקייט אויף די אותיות־טעקלעס און, אויף א האַלבן געזעס, איז ער קוים איינגעזעסן אויפן נידעריקן קאַ־רוסעלמעסיקן־בענקל, וואָס דרייט זיך אויס אויפן געשטעל, ווען דער זיצער וויל דאָס: שלמה האָט זיך קוים דערוואַרט, אַז די לעצטע שורה זאָל אַרויספאַלן, דאָס שטיקל בליי זאָל זיך דורכשפּאַרן דורכן שטאָלענעם פאָרם־מעסער — האָט ער דאָס בריענדיקע פּלאַטשיק בליי־ווירעלע אַוועק־געלייגט מיט אַ נערוועאישן טראַסק אויפן כתב־יד און זיך האַסטיק אויפ־געשטעלט און אויסגעשטרעקט. באַלד האָט ער געכאַפּט א קוק אינעם לי־נאָטיפּ־קעסל, צי עס איז געבליבן גענוג בליי — האָט ער זיך געלאָזט גיין צום פאַרעיפּושטן באָד־צימערל, צום סוף פונעם טונעל־קעלער, וואָס האָט זיך געפונען הינטערן פּאַפּיר־לאַגער.

שלמה איז געלאָפן א געאײלטער צווישן די מאַשינען, ווי עס וואָלט אים ווער נאָכגעיאָגט. ער האָט מיט די שמוציקע פינגער זיך אויסגעריבן די וויעס. ס׳איז שוין דריי אַזייגער פאַרטאָג, — האָט ער באַרעכנט — ענדלעך איז זיין אַרבעט־צייט פאַרענדיקט. נאָך אַ יאָר אַרבעט איז שוין אַוועק, און ערשט אין צוואַנציק טעג אַרום וועט ער דאַרפן צוריקקערן צו דער מאַשין; קוים זיך דערוואַרט, עס זאָל אָנקומען דער טאָג, ס׳זאָל אויס־שלאָגן די שעה, ער זאָל קענען אַוועקפאָרן אויף וואַקאַציעס אויסצורוען זיך א צוויי־דריי וואָכן אין די קאָרדאָבער בערג. ער האָט שוין אפילו א באַן־בילעט אין קעשענע, און באַלד, אין עטלעכע שעה אַרום, וועט ער שוין זיצן אין באַן־וואַגאָן... דער צוג וועט אַוועקיאָגן ווייט פון דער שטאָט, ווייט פונעם לינאָטיפּ, די באַן וועט אוועקרעדלען ווייט פון אלע קאָשמאַרע חלומות, וואָס קלעפּן צו אים אין די טעג, ווען ער שלאָפט, און ער וועט זיין ווייט פון אלע שלעכטע מחשבות און רעיונות, וואָס הויערן אין אים אין די נעכט, בשעת ער אַרבעט, ווען ער זיצט ביי דער מאַשין..

שלעכטע איבערלעבונגען טויכן אויף אין אים. מוטשען אים ווי שפּינען וואָלטן געגעסטיקט ביי אים אין די געהירן, קאַליעדיקע באַק־ציינער זענען

אויסגעוואַקסן ביי אים אונטערן האַרץ־לעפּעלע, וויטיקן זיי, גיבן אים נישט קיין רו אפילו א רגעלע... און קיינער קען אים גאָרנישט העלפן. און גיין צו א דאָקטער גלוסט אים נישט. און מיט יעדן טאָג מערן זיך אַלץ מער גרייזן אין די כתב־ידן, וואָס ער זעצט אויס... ער פאַרפעלט און לאָזט דורך, וואָס אמאָל אָפּטער, גאַנצע שורות. קנאַקט אמאָל אריין ווער־טער נישט־אָנגעשריבענע, נישט־געשטויגענע, נישט־געפלויגענע... ס'איז פּשוט אַ ווונדער, וואָס מען ווארפט אים נישט ארויס פון דער דרוקעריי און מען זאָגט אים נישט אָפּ פון דער אַרבעט... אָבער פריער אָדער שפּע־טער וועט צו דעם קומען, אויב ס'וועט אַזוי גיין אויך ווייטער! סעניאָר קאַטשער — דער לינק־געשטימטער באַלעבאָס — קוקט אויף אים מיט אויסטערלישע בליקן און שמייכלט צו אים סודותדיק און גאַליק; שלמה ווייסט, אז אויב סעניאָר קאַטשער זאָגט אים שוין נישט אָפּ פון דער אַר־בעט — איז דאָס דערפאַר, ווייל ער וועט א צווייטן זעצער אויף זיין אָרט נישט געפינען. נאָר, סעניאָר קאַטשער וועט שוין אין אַ געוויסן טאָג יאָ געפינען אן אנדערן אויף שלמהס אָרט! אָט דער סעניאָר קאַטשער, וואָס זאָגט אָפן ביי יעדער געלעגנהייט, אז „וואָס מער מען וועט די אַרבעטער קוועטשן און דריקן, אַלץ גיכער וועלן זיי אויפבויען א שענערע און פריי־ערע וועלט!" — אָט־אָ, דער, וועט שוין קריגן א צווייטן אויף זיין אָרט. אויב נישט היינט — איז מסתמא מאָרגן!

שלמה האָט אויפגעדרייט דעם קראַן און געלאָזן לויפן דאָס וואַסער. ער האָט אָנגעהויבן זוכן אַ שטיקל זייף און נישט געפונען. אַלע מאָל, ווען מען דאַרף זיך אַרומוואַשן, פעלט אויס דאָס שטיקל זייף... אָדער די שטשורעס פאַרשלעפּן דאָס, אָדער עס גנבעט דאָס ווער אַוועק. דער רוח זאָל זיי כאַפּן!

עס איז אָנגעקומען אהרן, שלמהס פאַך־קאָלעגע, מיט די אייביקע רויטע אויגן; אהרן קומט צו דער אַרבעט אין מיטן נאַכט און בלייבט שוין ביי דער מאַשין ביז האַלבן טאָג. ער איז אַ הויכער, אַ דאַרער, מיט אַ קאָפּ גרויע צעשויבערטע לאָקן, זעט ער גיכער אויס ווי אַ מוזיקער, אַ קאָמפּאָזיטאָר; אין די פרייע שעהען איז ער פול אויף אַלע קאָנצערטן. אהרן ליגט איבער טעג און נעכט אין „קאָלאָן"־טעאַטער און אַלע מאָל פעלט אים אויס אַ פּאָר פּעזעס, מיט פיל טעג פריער, איידער עס קומט אָן דער טאָג פון אויסצאָלן די שכירות; אהרן איז שטענדיק פאַרבאָרגט

און פֿאַרשולדיקט, און אַלע מאָל איז ביי אים אין שטוב עמיצער קראַנק: אַמאָל ס׳ווייב, אַמאָל די טאָכטער, אַמאָל — ער אַליין...

— אייל זיך צו, שלמה, — צעבינדט ער דעם קראַוואַט און גרייט זיך צו איבערצובייטן די אַרבעטס־הויזן — דו מיינסט, אַז ווען דו וואָלסט היינט אויפֿגעהערט מיט אַ שעה פֿריער, וואָלט געווען אַן אומגליק, האַ?...

שלמה האָט זיך געריבן מיט די נאַסע הענט דאָס פּנים און אויסגעשפּיגן:

— כ׳וועל גאָרנישט פֿאַרשפּעטיקן. יאָ, כ׳האָב שיר פֿאַרגעסן: זאָלסט פֿאָרזעצן די גאַנצע צייט פֿון דעם אָנגעהויבענעם אָריגינאַל. זאָלסט אויסזעצן וויפֿל ס׳וועט זיך לאָזן.

— די מאַשין גייט גוט? — האָט אהרן געפֿרעגט אַ פֿאַרזאָרגטער.

— ס׳מזל אויף אונדזער באַלעבאָס! — האָט שלמה אַ קריץ געטון מיט די געלע, פּוגעם בליי און טאַבאַק קאַליע געוואָרענע ציינער.

— זאָל איך אפֿשר שוין אַרויסרופֿן דעם מעכאַניקער? — פֿרעגט אהרן מיט אומרו און פֿאַרזשמורעט די רויטע וויעס — נעכטן האָט די מאַשין אַ שפּריץ־געטון, בין איך שיר נישט געוואָרן אַן אָפּגעקאָכטער...

שלמה האָט געשוויגן. אָפּטמאָל, אין די לעצטע צייטן, פֿלעגט אים באַפֿאַלן אַ צעחושטקייט: מען האָט געקענט רעדן צו אים און אין מיטן רעדן זאָל ער בלייבן פּלוצלינג פֿאַרטראַכט און פֿאַרגאַפֿט, און זאָל נישט וויסן און נישט דערהערן, וואָס מען האָט צו אים גערעדט. דער חבר האָט אים שוין געקענט און אונטערגעאיילט:

— שטיי נישט ווי קיין גולם! פֿאַרברענג גוט, רו זיך גוט אויס און טראַכט וואָס ווייניקער פֿון נעכטיקע טעג... לאָמיך דיך שוין זען פֿון דער צווייטער זייט טיר! — איז אהרן אַריינגעקראָכן מיט אַ פֿוס אין די בלוי־שמוציקע, לייוונטענע אַרבעטס־הויזן.

שלמה האָט אָפּגעפּליקט אַ שטיק ווייס פּאַפּיר פֿון אַ גרויסן בויגן־שטויס, אויסגעווישט זיך מיטן פּאַפּיר די אויגן, אָפּגעווישט דאָס פּנים און די הענט, איינגעקנייטשט עס ווי אַ באַלעם און דאָס אַ וואָרף געטון צו אַ באַרג מיט אָנגעהויפּענע פּאַפּיר אָפּפֿאַל, האָט ער אַ הויב געטון די האַנט צום שטערן און זיך געזעגנט מיטן חבר.

— שוין, ווערסט שוין מיינע פּטור... זיי מיר געזונט! — האָט ער גענומען זיין רעקל און אַרויפֿגעוואָרפֿן אויפֿן אַקסל.

— פאַרברענג גוט! — האָט אהרן זיך אָוועקגעזעצט נעבן דער מאַ־שין און פאַרגראָבן דעם קאָפּ אין אַ צייטונגס־אויסשניט — שלאָג זיך אַרויס אַלע צרות פונעם קאָפּ און פייף אויף דער וועלט! — האָט ער שוין אויף אים נישט קיין קוק געטון.

— אַדיאָס, אַדיאָס דאָן סעווערינאָ! — האָט ער אַ געשריי געטון פאַרבייגייענדיק צום מאַשיניסט פון דער פלאַנאַ־מאַשין, וואָס האָט גע־גאָסן מיט אַ קענדל אייל אין די צאָנרעדלעך — אַדיאָס!

— טשאַו, טשאַו סאַלאָמאָן! — האָט דער מאַשיניסט זיך פאַרהוסט און אים צוגעוואָרפן אַ גלייכגילטיקן בליק.

אַז שלמה איז שטיין געבליבן אויף דער האַלב־פיר־אַזייגער און אין טיפן שלאָף פאַרזונקענער גאַס, — האָט שוין דער גרויסער רעסטאָראַן־באַר אויפן אַנטקעגנדיקן גאַסן־ראָג געהאַט אַראָפּגעלאָזט די קאַרבירטע מעטאַלענע שטאָרן. די פינצטערניש אויף דער גאַס האָט געבלאָזן מיט פאַרטאָגיקע ים־ווינטלעך און פרימאָרגן נעפּלען וואָס האָבן אָנגעווייעט פון דער פּאָרט־זאָנע; די לאַנגע קייט לאַמטערן איבער די אָנגעצויגענע עלעקטריזירטע טראַמוויי־קאַבלען האָבן זיך געוויגט און געפּאָכעט מיט שאָטנס, געלויכטן מיט געלזיכטיק ליכט, אויסגעצויגן זיך ווי אַ ריזיקע שנור גיגאַנטישע פּערל, איינגעהאָנגענע אינעם נאַכט־הימל; די הויכע צענטער געביידעס האָבן זיך אַריינגעשפּיצט אינעם חושך אַריין מיט פאַר־העמערטע פענצטער, מיט פאַרשלאָסענע טויערן.

שלמה האָט זיך געקוויקט מיטן ווינטל, מיט דער נאַכט־לופט און מיט דער שטילקייט. ער האָט פאַריסן דעם קאָפּ צום הימל און געגאַנגען מידע נישט־געאיילטע טריט. אַ פּאָליציימאַן האָט אים נאָכגעקוקט מיט חשד. ערגעץ האָט אַן אַנדערער פּאָליציימאַן זיך צעפייפט טרויעריק און מאָנאָטאָן. אַ מינוט שפּעטער האָבן פון אַלע זייטן אָפּגעענטפערט פייפע־רייען מיט צעצויגענע עכאָס. אַ זייגער האָט זיך צעקלונגען.

שלמה האָט זיך פאַרנומען מיט דער ברייטער ריוואַדאַוויאַ־גאַס. אַ סך געשעפט־הייזער האָבן געהאַלטן אין די נעכט שוואַך באַלויכטן די לוקסוס־אַרטיקע קינסטלעך אויסגעשטעלטע סחורות אין די שוי־פענצטער; פאַר־שפּעטיקטע אויטאָס האָבן דורכגעוויכערט שאַרכנדיקע איבערן אַספאַלט־ברוק און ביי יעדן גאַסן־קרייץ האָבן די שאָפערן פאַרן אָנקומענדיקן פאַר־טאָג נישט געטרובעט, נאָר זיי האָבן גענוצט די לאַמטערן־רעפלעקטאָרן;

ביי יעדן ראָג האָבן די רעפלעקטאָרן אויפגעבליצט און זיך באַלד אויס־געלאָשן.

אַ טראַמוויי האָט דורכגעשניטן די גאַס מיט אַ טראַמאַסק. טראַמ־וויי־דראָטן האָבן זיך צערוישט מיט אַ מעטאַלענעם זשום און וויברירט מיט גראָבע באַס־סטרונעס. שלמהן האָט אָנגעהויבן זשומען אין די אויערן. מיט יעדן טראָט איז ער געוואָרן איינגעבויגענער. די מרה־שחורה איז אים באַפאַלן. עס האָט אים אָנגעהויבן העמערן אין מוח. ענדלעך איז ער שטיין געבליבן ביים טויער פון זיין וווינונג. ער האָט פאַרזיכטיק אויפגעשלאָסן דעם טויער, צוריק פאַרשלאָסן און אָנגעהויבן גיין אין דער פינצטערניש אויף די שפּיץ פינגער, כדי ער זאָל חס וחלילה קיינעם נישט איבערוועקן. ער האָט זיך אַריינגעשאַרט אין זיין צימער אַריין, נישט ליכטיק געמאַכט, און אינעם חושך זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעט. אַ היץ האָט אויף אים אַ שלאָג געטון, האָט ער פון זיך אַראָפּגע־צויגן דאָס רעקל און געבליבן זיצן מיטן רעקל אין דער האַנט. ער האָט אַ שטילן זיפץ געטון און זיך אַ פּעטשל געטון אין שטערן אַריין.

פון די דערנעבנדיקע, שכנותדיקע, אָפן געלאָזטע צימערן האָט זיך געהערט דאָס רעגלמעסיקע אָטעמען פון שלאָפנדיקע מענטשן. ערגעץ האָט זיך אַ קינד אַ וועק געטון מיט אַ געוויין און באַלד פאַרשטילט געוואָרן. נאָר ביי שלמהן אין קאָפּ האָט נאָך אַלץ געקלאַפּט די מרה־שחורה און דער לינאָ־טיפּ־זשום האָט געזשומט אין די אויערן. פאַר די אויגן האָבן זיך געבלעטערט כתב־ידן, צייטונגס־אויסשניטן, אָריגינאַלן, קאָרעקטורן... פון פאַפּירענע בלעטער, פון פאַרגעלטע בריוולעך האָט אַרויסגעקוקט זיין מאַמע מאַשע. זי האָט געקוקט ערגעץ ווייט, גאָר ווייט... און אים, שלמהן, דעם אייגענעם זון, האָט זי אפילו קיין איין בליק נישט געשענקט... אין שלמהס ווייטיק איז געווען נישט נאָר ברענענדיקער צער, נאָר אַ טיפע חרפּה און אַ שטעכיקע בושה פון ווייטאָגדיק באַליידיקטער אייגן־ליב־שאַפט.... עס קען נישט אַוועקגיין אַ רגע אין אַ מעת־לעת, אַז ער, שלמה, זאָל זיך נישט דערמאָנען, ווי אַזוי דאָס אומגליק איז געשען — — — — — — עס איז געווען אַ יאָר פאַר דעם, איידער די צווייטער וועלט־מלחמה האָט אויפגעפלאַקערט; אָט, אין דעם יאָר, איז אָנגעקומען קיין אַרגענטינע שלמהס מאַמע, מאַשע; די מאַמע איז שוין דעמאָלט געווען אַ זיבעציק־יעריקע זקנה, אַ הויכע, אַן אויסגעצויגענע, מיט אַ גאַנצן

קאָפּ העכער פון איר זון; זי איז געווען זייער אַן אָפּגעפּלעגטע און זוי־בערע, מיט אַ בלאָנד קאַרבירט שייטל אויפן קאָפּ; זי האָט איבערגעלאָזן אין וואַרשע אירע פינף טעכטער מיט די איידעמס, אייניקלעך און דריי אור־אייניקלעך, און זי איז געקומען קיין בינעסיירעס, צו איר מיזיניק שלמהלע, צו איר „בה־ונדן זון“, אפשר וועט זי אים איבעררעדן, זען ער זאָל אָנטון דער אַלטער מאַמען ס׳ביסל נחת און חתונה האָבן, ער זאָל לעבן ווי אַן אמתער ייד דאַרף לעבן, ווי גאָט ברוך הו וברוך שמו האָט געבאָטן! די מאַמע האָט טאַקע אויסגערעכנט, אַז ס׳וועט קומען די צייט, און דער, וואָס לעבט אייביק, וועט הייסן גיין „דאָרטן אַהין“ — וועט טאַקע שלמהשי נישט האָבן דאָס יאַנדעס צו פאַרשעמען די טויטע מאַמע און אָפּהיטן ס׳קדיש־זאָגן ווי ס׳דאַרף צו זיין... ווייל, וואָס נענטער טאַקע צו די אויגן — אַלץ טאַקע נענטער צום האַרצן!...

מיט אַ וואָך שפּעטער ווי די מאַמע איז אָנגעקומען אין לאַנד אַריין, האָט זי זיך טאַקע באַלד אַרומגעזען, אַז זי האָט געמאַכט אַ שלעכט און ביטער געשעפט: ס׳לאַנד איז קיין לאַנד נישט; די מענטשן זענען עפּעס קיין מענטשן נישט; און די יידן? — דער אויבערשטער זאָל נישט שטראָפן פאַר די רייד — אויך מיר יידן! ס׳איז געווען בעסער נישט צו רעדן און בעסער נישט צו זאָגן: „אָווע־טאָווע — פאַרד נאַ גלאָווע!“

וואָס אמת איז דער אמת: שלמהשי איז טאַקע געווען אַ קינד — ווער מיר גוטס גינט! ער האָט, נעבעך, שווער און ביטער געאַרבעט ביז ער האָט אָפּגעצאָלט אין באַנק די שיפסקאַרטע. ער האָט זיך נעבעך גע־מענטשעט, געמאַטערט און געפּלאָגט און ער האָט אָנגעגרייט פאַר דער אַלטער מאַמע פון כל טוב, פון שענסטן און בעסטן: אַ שיינע דירה, שיינע מעבל — ממש אַ גאַנצע ווירטשאַפט! שלמה האָט אָפּגעגעבן אַזאַ כבוד דער מאַמען, נאָך שענער אפילו ווי מען גיט אָפּ אַ קייסערינע! ס׳וואָלט אַלץ גוט געווען און ווויל געווען, ווען ס׳וואָלט נישט געווען אַזאַ טריפה לאַנד מיט אַזעלכענע טריפהנע מענטשן... מען האָט דאָ פאַרט, אין בינע־סיירעס, געזען אַזעלכענע זאַכן, וואָס ס׳האָט זיך געמיגלט די גרינע גאַל...

אָט, פונקט דערנעבן, אַ טריט נעבן דער כשרער יאַטקע, האָט זיך געפונען אַ הויז מיט צוויי ברייטע, אייביק צעפּראַלטע טויערן: דורך איין טויער זענען אַ גאַנצן טאָג אַריינגעפאָרן סאַמאַכאָדן, און דורכן צווייטן

טויער זענען די סאַמאָכאָדן צוריק אַרויסגעפאָרן. און אין יעדן סאַמאָכאָד זיצט שטענדיק אַן אשת־איש מיט אַ מאַנספערשוין... באַלד, ווען זי האָט זיך צו דעם צוגעקוקט, האָט זי געפרעגט דעם זון, ער זאָל איר זאָגן, וואָס פאַר אַ מקום איז דאָס און וואָס טוט מען אינעווייניק?... האָט שלמה געענטפערט, אַז אינעווייניק אין אַן אָרט, ווו מען גיסט אַריין בענזינע אין סאַמאָכאָד אַריין... דער זון האָט זיך בשעת מעשה פאַררויטלט, ער האָט איר נישט געקוקט אין די אויגן אַריין, — האָט זי טאַקע באַלד דערפילט אַז דער זון זאָגט אַ ליגן מיט אַ וואָרצייכן! שפּעטער האָט איר די שכנה אויפגעקלערט דעם גאַנצן אמת! אין אַ צייט אַרום האָט זי זיך אַרומגעזען, אַז אפילו די שכנה פירט זיך אַזוי יידיש, פונקט ווי אַ סטעפּאַ אָדער מאַלגאָזשאַטאַ! זי האָט שוין מער מיט איר אין בשותּפותדיקן קיכל נישט געוואָלט שטיין און נישט געקענט שטיין, ווייל אַלץ איז ביי איר געווען כשר־חזיר־פיסל! שוין־זשע וואָלט זיך ווער פאָרגעשטעלט, אַז אַ יידישע טאָכטער זאָל אָנרייבן קעז אויף אַ ריבאייזן און דערנאָך דאָס אַרויפשיטן אויף אַ ראָסל־פלייש מיט לאָקשן? פּע, טפו זאָל דאָס ווערן! ס'איז איר געווען ווינד־און־ווינד־און־וויי, אַז די אייגענע אויגן האָבן דאָס געדאַרפט צוקוקן... אפילו די כשרע יאַטקע איז איר נמאס געוואָרן. מ'מעג זיי גלויבן ווי דעם ראַבן קאַטער! מילא, וואָס האָט זי געזאָלט טון? האָט זי גאַנצע חדשים געלעבט מיט פאַרעוועע עסנס: מיט אַ שטיקל פיש, מיט רייז, מיט אַן איי... אַ גאַנצע וואָך איז געווען טרויעריק אויפן האַרצן, נאָר ס'איז נאָך געווען צו דערליידן. אָבער אַז ס'איז געקומען דער ליבער שבת איז איר גאָר באַפאַלן אַן אימה: דער דרויסן האָט מחלל־שבת געווען מיט וואָכעדיקן געפילדער און געיעג. ס'האַרץ האָט ווייי געטון צוצוקוקן ווי אַזוי אַ גאַס מיט סאַמע יידן האָבן זיך אויפגעפירט. ס'זאָל זיי גאָרנישט פאַררעכנט ווערן...

דאָס שילכל, ווו די מאַמע האָט געדאַוונט האָט קוים געהאַט אַ מנין; ס'איז געווען בפירוש אַ גאָטס רחמנות אויפן ספר, וואָס איז דאָרטן נעבעך איינגעשטאַנען... און דאָ האָט זי פּלוצלינג דערהערט, אַז דער פאַרשאָלטענער רשע ימח שמו וזכרו, גייט זיך שוין נעמען צו פּוילן — האָט זי גלייך פאַרשטאַנען, אַז זי טאָר נישט בלייבן זיצן אין דעם וויסטן בינעסיירעס מיט פאַרלייגטע הענט... אין דעם מקום וועט זי דאָך אוודאי גאָרנישט־נישט קענען טון פאַר איר בלוט און פלייש... זי מוז שוין

צוריקקערן קיין פוילן! אויפן פראַגער בית־החיים און אויפן גענשער בית־החיים ליגן די, וואָס וועלן זיך דאַרפן מיען... מען דאַרף באַצייטנס צוריקפאָרן, אפשר וועט זי זדאַנזשען אָפּצושרייען דעם פינצטערן גזר! און טאַקע באַלד, דעם זעלבן פאַרנאַכט, האָט זי אָפּגעוואַרט איר זון און פאַרלאַנגט, אַז ער זאָל שוין, תיכף־ומיד, גיין קויפן פאַר איר אַ שיפסקאַרטע! זי וויל שוין צוריקפאָרן צו די קינדער, צו די אייניקלעך, צו די אור־אייניקלעך; זי טאָר זיי נישט לאָזן אַליין אין אַזעלכע שלעכטע צייטן, וואָס ס׳רוקן זיך אָן.

שלמה איז געוואָרן בלאַס ווי אַ מת און ס׳האָט אים אָנגעהויבן וואַרפן ווי אין אַ קדחת.

— „וואָס איז דאָס פאַראַ רייד, וואָס די מאַמעשי רעדט? וואָס עפּעס אַוועקפאָרן אין מיצקן־דערינען? אויף ווען וועט איך די מאַמעשי איבערלאָזן? — האָט דער דעמאָלט פערציק־יעריקער זון זיך אָנגעהויבן צאַפּלען ווי אַ פיש: — די מאַמעשי וועט דאָך, מסתמא, מיך נישט פאַרשעמען פאַר מענטשן, מביש־זיין פאַר לייטן... מענטשן וועלן דאָך מסתמא זאָגן, אַז כ׳האָב דער מאַמעשי שלעכט באַהאַנדלט, אפשר חס־וחלילה, געלאָזט הונגערן, און דערפאַר טאַקע איז זי צוריקגעפאָרן...“

די מאַמעשי האָט דעמאָלט פרום פאַרגלאָצט די אויגן צום הימל און געענטפערט:

— „ווער ס׳וועט דיך, מיין זון, אַזוי באַרעדן, זאָל אים אָפּדאַרן די צונג... דאַרפסט מיך נישט אָפּוועגדן פון מיין כוונה, און זיי וויסן, אַז כ׳האָב פיינט נאַריש־פאַרעווע אויסריידן... נאָר טאָמער ווילסטו מיר נישט קויפן קיין שיפסקאַרטע, וועל איך זיך באַגיין אָן דיין לאָסקע אויכעט! נאַ, נעם דיר מיינע דימענטענע אוירינגלעך און קריג מיר אַ שיפסקאַרטע. בעסער דאָס ביטערע פון דעם, וואָס כ׳בין נישט ווערט אָנצורופן זיין נאָמען, איידער ס׳זיסע פון אַ מענטשן... — און זי האָט אים געוואָלט געבן אירע דימענטענע אוירינגלעך, וואָס האָבן געפינקלט אין אירע אַלטע אָדערדיקע הענט ווי שטערן־שטויב — נעם זיי דיר און שאַף מיר איין אַ שיפסקאַרטע!“

שלמה האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דער מוטערס פיס און איר געקושט אין די שוואַרצע זאַמשענע לעטשלעך אַריין:

— „זאָל מיך די מאַמעשי נישט איבערלאָזן, נישט פאַרשעמען... זאָל

די מאַמעשי בלייבן מיט מיר...״ — האָט ער געוויינט ווי אַ קליין קינד.

די זקנה איז געבליבן האַרט ווי אַ פעלדז:

— „גיטע, ס׳וועט דיר גאָרנישט העלפן! הויב דיך אויף פון דער ערד און מאַך נישט קיין נאַרישע שטיק... טו וואָס כ׳הייס דיך און וועסט פאַרדינען די גרעסטע מצווה!...״

די מוטער האָט זיך צוגעבויגן צום זון און האָט אים דערציילט אַ סוד אין אויער אַריין, אַז שפּעט ביינאַכט, צו חצות, האָט זי חלומות... שטענדיק און אָבער די זעלבע חלומות: דער טאַטע ע״ה באַווייזט זיך אינעם קיטל מיטן טלית איבערגעדעקט. ער באַפעלט אַהיימצופאָרן צו די קינדער, נישט איבערלאָזן זיי אויף הפקר...

שלמה האָט זיך ראַפּטום אויפגעשטעלט, מיט די שפּיץ־פינגער זיך אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און מיט אַ געמאַכט קאַלט־גזלניש קול דערווידערט:

— „די מאַמעשי וויל אַהיימפאָרן? זאָל די מאַמעשי פאָרן געזונ־טערהייט! כ׳וועל צו דער זאַך נישט אַריינטון אפילו אַ פינגער אין קאַלטן וואַסער!״

די אַלטע מאַמע האָט אים אריינגעטייטלט מיט אַ פינגער אין די אויגן אַריין, אין פּנים אַריין:

— „מילא, אַז דו וועסט מיר נישט העלפן, וועל איך זיך באַגיין אָן דיין הילף... פאַר די אוירינגלעך וועל איך נאָך באַקומען אַן אָרט אויף אַ שיף. און אויב אפילו נישט — האָט זי פאַרשנורעוועט מיט די דינע ליפּן — וועל איך גיין צו פרעמדע מענטשן און אויסשטרעקן די הענט נאָך אַ נדבה. אַז דיר וועט עס ליב זיין — וועט עס מיר ניחא זיין...״

שלמה האָט זיך אַ מאַכטלאָזער אַוועקגעזעצט אויפן בעט און זיך צעהעשעט, געגנוי ווי דעמאָלט, מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען די מאַמע האָט אים באַהאַלטן די שטיוועלעך; ס׳איז געווען אַ ליכטיקער זומערדיקער שבת, און די מאַמע האָט געהאַט אַ פאַרגעפיל אַז ער וויל לויפן צוזאַמען מיט אַלע לאָבוזעס צו דער ווייסל זיך באָדן. שלמהלע איז שוין דעמאָלט געווען אַ יתום און די מאַמע האָט אים געהאַלטן ווי אַ לאָשעקל אין צוים.

איז ער דעמאָלט געזעסן אויף דער מאַמעס בעט און געוויינט.

גרויסע טרערן זענען אים גערונען פון די אויגן און גאַוועדער פונעם מויל. ער האָט געהעשעט און אויסגעלייגט פאַר דער מאַמען די לעצטע צע־ווייטיקטע טענות:

— „אַזוי פיל יאָרן דורכאַנאַנד האָב איך קוים אויסגעווײַנט צו זיין צוזאַמען מיט דער מאַמעשי... אַכצן יאָר האָב איך מיך אומגעוואָגלט אַליין, עלנט ווי אַ שטיין... און איצט, אַז כ׳האָב עס קוים דערלעבט, די מאַמעשי, איז צוזאַמען מיט מיר, — גייט זי מיך איבערלאָזן... אַזאַ דרך פאַסט פאַר אַ קליין קינד, נישט פאַר דער מאַמעשי...״

די מאַמע האָט אָנגעהויבן טופען מיט די פיס:

— „כ׳וועל צוריקקומען קיין פוילן, קיין וואַרשע, אפילו כ׳זאָל דאַרפן דורכגיין דעם ים צופוס... ווי מיר האָבן אַ גרויסן גאָט אין הימל!״ — איז זי געווען שטאָל און אײַזן זיכער אין אירע רייד.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט דער זון געבראַכט דער מוטער די שיפס־קאַרטע. אַז ער האָט איר געגעבן דאָס פּאַפּירל אין אַ בלויען קאָנווערט, — האָט די אַלטע מאַמע אָנגעכאַפּט דעם מוזיניקס האַנט און געוואָלט אַ קוש טון. צוויי גרויסע וואַרעמע טרערן ווי צוויי צעשמעלצטע דימענטן האָבן אים אַראָפּגעקאַפּעט אויף דער האַנט־פלאַך; פון דער מאַמעס שוואַרצאַפּלען זענען זיי אַרויס... ער האָט טאַקע בליץ־שנעל אָוועקגע־כאַפּט די הענט און אַרומגעכאַפּט דער מוטער, האָט ער זי אַרומגעקלאַ־מערט, זיך אײַנגעניורעט אין איר ווי ווען ער איז געווען אַ קליינער — האָט ער געוואָרטשעט און געכריפּעט:

— „ניטע, ניטע מאַמעשי — האָט ער זיך געטרונקען מיט זיין פּיין — כ׳האָב עס דאָך נישט געדאַרפט טון! כ׳האָב שלעכט געטון! אַ לע־קיש בין איך, אַ גולם, אַ שמאַטע!...

מיט אַ וואָך שפּעטער, באַלד אינדערפרי, האָט שלמה אָפּגעפירט אין אַ טאַקס־אויטאָ די מאַמע צום פּאָרט, צו דער שיף; ער האָט אַליין אַרויפגעדזשוויגעט דער מוטערס שווערן קופערט אויפן דריטקלאַסיקן צווישן־דעק; ער האָט דאָס געטון נישט צוליב וועלן זיך אײַנברענגען אַ פּעזע, נאָר ער האָט בפירוש געזוכט דער מוטער וויי־צו־טון מיט זיין גרויסער געטריישאַפט... עס האָט אים זיך קיינמאָל נישט געחלומט, אַז די מאַמע וועט זיך וועלן מיט אים שיידן... אַז זי וועט אים איבערלאָזן... ער האָט זי ווי אַ קינד געהאַלטן ביי דער האַנט, ווען ער האָט זי אַרויפ־

געפירט אויף דער שיף. איר האַנט איז געווען קאַלט און פרעמד און מיטן רעיון איז זי שוין געווען דאָרטן, ווייט, זייער ווייט פון אים... שלמה האָט אויף דער שיף געטיילט פּעזעס אויף רעכטס און לינקס און גערעדט אויף שטום־לשון מיט די ענגלישע מאַטראָזן, מיט די קוכערס, מיט די קאַיוטע־באַדינער; ער האָט זיי געגעבן צו פאַרשטיין, געבעטן, אַז זיי זאָלן באַהאַנדלען מיט ספּעציעלער איינזעעניש די אַלטע, דריט־קלאַסיקער פּאַסאַזשירקע... די ים־לייט האָבן גערירטע קוים געשמייכלט, נישט געוואָלט אָננעמען די פּעזעס און געדרייט מיט די נעזער און גע־שנורעט מיט די פּיסקעס: „נאָ סער, טענק יו ווערי מאטש!...‟ שלמה האָט געפילט אַז מען האָט אים פאַרשטאַנען. אַ שטיק שיף האָט זיך גערודערט מיט דער אַלטער, גרייז־גרויער פּאַסאַזשירקע...

און אַז שלמה איז מיט עטלעכע מינוט פריער, איידער מען האָט אַוועקגערוקט דאָס לעצטע בריקל פון דער שיף און אַראָפּגעשפּרונגען אויף דער יבשה — איז ער שטיין געבליבן ביי דער שטאָלענער שאָל פון דער שיף אַזאַ געבויגענער מיט ציטערדיקע קניען; ער האָט זיך געשאַרט אויף אַ סכנותדיקן אופן ביים ברעג־זוים, אַ האַלבן טריט פון די טיפע, געל־מוטנע וואַסערן און זיך צוגעשאַרט נאָענט אַנטקעגן, ווו די מאַמע איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אינעם געלענדער; פּלוצלינג האָט זיך די שיף־סערענע צעוואָיעט און צערעוועט, ווי מען וואָלט אַ ריזיקן אָקס אַרויסגעריסן די הערנער צוזאַמען מיטן לעבעדיקן פלייש; דאָס פּחדימדיקע געשריי פון דער שיף מיטן הייזעריקן ווידערקול פון ים האָט פאַרטויבט דעם ביטערן יאָמער וואָס האָט זיך אַרויסגעריסן פון שלמהס קעל. דער ריזיקער שיפס־קוימען האָט געזעצט מיט רויך און פון אַלע זייטן האָבן עכאָס געבלאָזן מיט געוווי און געברום. שלמה איז גע־וואָרן פאַרטויבט פונעם רעש און בלינד פון זיינע טרערן. אַז די אויגן האָבן זיך ביי אים אויסגעלויטערט, איז שוין די שיף געווען היפּש אָפּגע־רוקט פונעם ברעג. שווערע קייטן האָבן זיך געוויקלט און עטלעכע שלעפּ־שיפלעך האָבן געשלעפּט דעם ים־ריז ביי דער נאָז און ביי די זייטן. פון עטלעכע עפענונגען אין דער שיף האָבן זיך אַרויסגעגאָסן שטראָמען וואַסער און גרויסע שוימיקע כוואַליעס האָבן זיך אָנגעהויבן וואַרפן און אויפשוימען, גערוישט מיט געוויסער און פאַרפּלייצונג. אַ רגע האָט זיך אויסגעוויזן, אַז נישט די שיף דערווייטערט זיך, פאָרט אָפּ, נאָר עס

שווימט אָפּ דער פּאָרט מיט די איבערגעבליבענע באַגלייטער, עס שווימען אַוועק די עלעוואַטאָרן, די גיגאַנטישע הויב־מאַשינען, די ריזיקע פּאָרט־סקלאַדן ציען זיך צוריק, צוריק...

שלמה האָט זיך געוואַקלט ווי אַ שכורער און זיך אָפּגערוקט פונעם פריי־געוואָרענעם ברעג, פונעם אָפּגרונט. פון דער שיף האָבן זיך גע־טראָגן קולות און געשרייען. מענטשן האָבן געפאָכעט מיט ווייסע טיכלעך און קאַפּעלושן. די גאַנצע לופט איז פול געווען מיט מענטשלעכער ליב־שאַפט, מיט צאַרטקייט און קושן. איבערן זילבערנעם ים־שפּיגל וואָס איז פול געווען מיט צעשיידונגס־ווייי און דערוויטערונגס־פּיין, האָבן אומגע־פלאַטערט ווייסע ים־מעוועס, געקרייזט איבער די שיף־מאַסטן און זיך אַראָפּגעלאָזט צו די כוואַליעס.

און אויף דער שיף, אָנגעשפּאַרט אינעם געלענדער, איז געשטאַנען די אַלטע מאַמע מיטן זיידענעם שוואַרצן טערקישן שאַל אויפן קאָפּ, אָן אַרומגערינגלטע פון עטלעכע מאַטראָזן ווי שומרים — האָבן זיי גע־פאָכעט מיט די טיכלעך צו שלמהן. די מאַמע האָט צו אים געקוקט, נאָר ער האָט געפילט און געוווסט אַז זי זעט אים נישט. אירע אַלטע אויגן האָבן איר שוין נישט געדינט אויף צו זען אויף ווייטע שטחים: זי האָט שוין נישט דערבליקט איר מוזיניק, וואָס האָט זיך געצאַפּלט אין זיין גרויסער פּיין...

אַז שלמה איז שפּעטער אַהיימגעקומען צו זיך אינעם נישט אויפגע־רוימטן און אָנגעמושבטן צימער, ווו עס האָט זיך נאָך געפילט דער ריח פון דער מאַמעס לעצטן מאָלצייט, וואָס זי האָט געקאָכט — האָט ער זיך אַוועקגעזעצט אויף זיין בעטל, וואָס איז געשטאַנען אַנטקעגן דער מוטערס ליידיק בעט אָן בעטגעוואַנט, האָט עס געוואָרט מען זאָל עס ווען פאַר־קויפן אָדער גאָר אַוועקשענקען; אָט דעמאָלט האָט ער דערפילט אַזאַ חרטה אין האַרצן און אַזאַ רוויש אין די געהירן, אַז ער האָט זיך אַזש מיט דער פויסט זיך אַ זבענק געטון אין קאָפּ אַריין און גערעדט צו זיך אַליין, זיך זעלבסט געשאָלטן מיט טויטע קללות:

— „אַ בראָך צו דיר און צו דיין נאַרישן קאָפּ! די מאַמעשי האָט געוואָלט צוריקפאָרן אין גיהנום אַריין — און דו האָסט געלאָזט? ברענען זאָלסטו ווי אַ ליכט!“

פונקט מיט אַ חודש שפּעטער האָט זיך דער דייטש אַ וואָרף געטון

אויף פוילן. אפשר איז די מאַמע פּונקט אין דעם טאָג אָנגעקומען קיין וואַרשע? שלמה וועט דאָס קיינמאָל שוין נישט וויסן... איינמאָל האָט זיך אים אפילו געחלומט, אַז ער זעט די מאַמע אָנקומען מיט דער באַן אויפן ווינער וואָקזאַל. ער האָט אין חלום געזעען ווי די מאַמע גייט אַרויס פונעם וואַגאָן און הויבט אויף אירע אַלטע אָדערדיקע הענט צום הימל און האָט געדאַנקט זיין ליבן נאָמען, וואָס ער האָט זי צוריקגעבראַכט אַהיים. דערנאָך האָט זי זיך אַ וואַליע געטון מיטן פּנים צו דער ערד און געקושט די שטיינער, געקושט דעם שטויב פון פוילן, פון וואַרשע, איר וואַרשע... — — —

שלמה האָט זיך האַסטיק אויפגעשטעלט. זיין אויפגעטייעטער פּיין האָט אים געפּרעסן ווי זשאַווער עסט דורך אַ שטיק אייזן... אויף די שפּיץ־פינגער האָט ער זיך אַריינגעשאַרט אין באָד־צימער אַריין. ער האָט געמאַכט ליכטיק און געכאַפּט אַ קוק צום קליין דראָטן שטייגעלע מיטן קאַנאַריקל, וואָס די באַלעבאָסטע הענגט אויף איבער־נאַכט אַריין אין באָד־צימער. זי הענגט אויף דאָס שטייגל מיטן קאַנאַריקל אויף די פאַרגעלטע מאַ־זאַיק־קאַכלעס נעבן קאַלעפאָן; זי, די באַלעבאָסטע, היט אַזוי אַרום אָפּ דאָס פייגעלע פון קעלט און פון די קעץ, וואָס לויערן אין די נעכט אויפן באַשעפענישל. שפּעט ביינאַכט קומען אַן די קעץ פון די שכנישע דע־פּאַרטאַמענטן און טשאַטעווען אויפן פּיטשינקן שטיקל לעבן מיט די העל־געלבע פעדערלעך; דאָס קאַנאַריקל האָט אים אָנגעקוקט מיט פינטלדיקע אייגלעך און לייכט אַ פּישטשע געטון. עס גייען פאַרביי טעג און וואָכן און דאָס קאַנאַריקל זינגט נישט, טרילערט נישט, און גיט פון זיך קיין פּיפּס נישט אַרויס. די באַלעבאָסטע האָט אים אַמאָל דערציילט, אַז דאָס קאַנאַריקל איז אַ „זי" און די „זיען" זינגען נישט. פונדעסטוועגן, פּאַ־סירט אָפט, אַז ווען שלמה קומט אַהיים פאַרטאָג פון דער אַרבעט — האָט ער שוין אַ סך מאָל געהערט דאָס פייגעלע טרעלערן און צוויטשערן. וואָס ווייסט ווער, וואָס עס טוט זיך אָפּ ביי שלמהן אין קאָפּ און אין האַרצן, און וואָס קען ווער וויסן, וואָס ס'טוט זיך ביים קליינעם קאַנאַ־ריקל?...

שלמה האָט פאַרזיכטיק אַראָפּגענומען דאָס שטייגעלע פון דער וואַנט און דאָס אַרויסגעטראָגן אין הויפּל אַריין און אויפגעהאָנגען אויפן שטענ־דיקן אָרט, נעבן דער טיר פון זיין צימער. אַז ער האָט פאַריסן דעם קאָפּ

און אויפגעהאָנגען דאָס שטייגעלע אויפן האַטשיקל, האָט ער זיך אַרומ־געזעען, אַז דאָס פיר־קאַנטיקע שטיקל הימל איבערן הויפל איז שוין מוטנע גרוי און קיין שטערן זעען זיך שוין נישט. ער איז צוריק אַריין אין זיין צימער און האָט זיך איינגעקוקט אין דער פרימאָרגן גרויקייט: פון דער וואַנט איבערן בעט האָט אַראָפּגעקוקט דער מוטערס פנים מיט די פאַרביסענע ליפּן; דאָס גאַנצע צימערל האָט אין דער גרויקייט אויפ־געשפּיגלט מיט ריינקייט און פון דער קליינער ביבליאָטעק־שאַפּעקעלע האָבן אַרויסגעוווּנקען זיינע אייפּערזיכטיק אָפּגעהיטענע ביכער, וואָס מער ווי אַ העלפט האָט ער אַליין אויסגעזעצט... און אין ווינקל ביי דער טיר האָט די וואַליזע געוואַרט, גרייט צו לאָזן זיך אין וועג אַריין, באַגלייטן דעם באַלעבאָס אויף זיין וואַקאַציע־רייזע אין די בערג אַריין.

ערגעץ האָט זיך צעקלונגען אַ וועק־זייגער. שפּעטער אַ ביסל האָט ווער אויפגעדרייט אַ קראַן און געלאָזן לויפן אַ שטראָם וואַסער. ערגעץ ווו האָבן זיך צערוישט קאַנאַליזאַציע־רערן; אַ שכן האָט אָנגעפּאָמפּעט אַ קעראָסען־פּרימוס; אויף דער גאַס האָט דורכגעיאָגט אַ וועגעלע געשלעפּט פון אַ פערדל, און מעטאַלענע קאַנען האָבן געפּויקט און געדונערט. דער פרימאָרגן האָט אויפגעלעבט.

ווען שלמה איז אָנגעקומען צום גרויסן „רעטיראָ"־וואָקזאַל, האָט שוין די זון געלויכטן אַן אויפגעגאַנגענע איבערן פּאָרט. די מאַסיוו בע־טאָנענע וואָקזאַל־געביידע מיט די פּילצאָליקע סופיט־שויבן און טויזנטער שטאָל־שטאַבעס און לייטער־בויגנס האָבן איינגעזאַפּט אין זיך ווידער־קולות און לאָקאָמאָטיוו־פּייפערייען. שטראָמען דאַמף און רויך האָבן אַרויפגערויכערט און אַרויפגעפּאַרעט צום בלאָק־לאַנגן דאַך; אינעם גע־קלאַנג פון גלעקער און גלעקלעך האָבן זיך דורכגעשניטן שאַרפע פייפע־רייען; די דאַמף־קעסלען פון די לאָקאָמאָטיוון האָבן געפּרייכט ווי ריזיקע העלפאַנטן און געצישעט ווי שלענג; וואַגאָנען־קאָנוואָיען האָבן מאַנעוו־רירט איבער די רעלסן. אַלע ווײַלע זענען צוגן אָנגעקומען און אָפּגעפאָרן. אין די אייביק טונקעלע באַלויכטענע וואַרט־זאַלן האָבן זיך געשויבערט הימלאָזע מענטשן; צעיאַכמערטע פּאַסאַזשירן האָבן געאיילט צו די פּלאַט־פאָרמעס מיט זייער געפּעק און טרעגער האָבן נאָכגעשטופּט האַנט־וועגע־לעך באַלייגטע מיט שטויסן וואַליזעס; פון די עקספּעדיציע־דעפּאָזיטן

זענען אַרויסגעפּאָרן און אַריינגעפּאָרן מאָטאָריזירטע וואַגאָנעטקעס מיט קאַסטנס און געפּעק; אינעם הויפּט וואַרט־האָל מיט די מאַרמאָר־ווענט מיט בראָנדזענע געדענק־טאָוולען, גראַניטענע קאָלומנעס און געשניצטע קיאָסקן — האָבן דורכגעאיילט מחנות אָנגעפּאָרענע פון די פּאָרשטעט. מענטשן מיט שלאָף אויף די פּנימער האָבן געאיילט אויף דער גאַס אַרויס און געיאָגט זיך נאָך די טראַמווייען און אויטאָבוסן. אַנדערע מחנות האָבן געאיילט צו די אויטאָמאַטיש־באַוועגלעכע טרעפּ, וואָס האָבן זיך אומ־אויפהערלעך אַראָפּגעצויגן צו די טונעלן פון דער אונטערערדישער באַן, און ביי די בילעטן־קאַסעס האָבן געדולדיקע אָפּגעוואַרט רייען מיט פּאַ־סאַזשירן.

שלמה איז אָנגעשווומען מיטן מענטשן־שטראָם צוזאַמען מיט זיין קליינער וואַליזקע. ער איז אַ ווײַלע שטיין געבליבן ווי אַ פּאַרלוירענער אינעם ריזיקן האָל און זיך געשפּיגלט אינעם פּאָל פון די אומצייליקע, שאַכמאַט־אַרטיקע, שוואַרץ־ווייסע מאָזאַיִק־פּליטן; ער האָט געכאַפּט אַ קוק צום ריזיקן הענג־זייגער, אַן אַראָפּגעהאַנגענער אויף שווערע קייטן איבער דער אינפאָרמאַציע־עסטראַדע, איבער די שילדן מיט די גרויסע נומערן, וואָס האָבן זיך אומאויפהערלעך געביטן, אָנגעזאָגט דאָס אָנקומען און אָפּגיין פון די צוגן; עס האָט נאָך געפעלט אַ האַלבע שעה, אַז דער צוג וואָס פאָרט אָפּ צו די קאָרדאָבער בערג, זאָל זיך אַוועקלאָזן אין וועג אַריין.

שלמה איז אַריינגעגאַנגען אינעם וואָקזאַל־רעסטאָראַן און באַשטעלט אַ טעפּעלע קאַווע און אַ ברויטל מיט פּוטער. אין געציילטע מינוטן אַרום, האָט ער שוין געהאַט אויסגעזופּט דאָס ביסל קאַווע און אפילו נישט פאַר־זוכט אַ כזית ברויט. שטענדיק, ווען ער קומט אַמאָל אויף דעם ריזיקן וואָקזאַל — מוז ער זיך דערמאָנען אין יענעם זוניקן פרימאָרגן, ווען ער איז אַראָפּ פון דער שיף... מיט אַ טאָג שפּעטער, איז ער שוין געזעסן אַן עלנטער אין אַ פרעמדער וועלט, און געוואַרט ביז שפּעט אין דער נאַכט, אַן אומגעגעסענער, אינעם שמוציקן וואַרט־צימערל פון צווייטן קלאַס, אַז אַ באַאַמטער פון אימיגראַנטן־הויז זאָל אים אָפּגעבן דעם פּאַס־פּאָרט צוזאַמען מיט אַ באַן־בילעט קיין טוקומאַן, ווו ער האָט געזאָלט באַקומען אַרבעט. דאָס איז געווען מיט דריי צענדליק יאָרן צוריק... און היינט? — און היינט, איצט, זעט נאָך דער וואָקזאַל אויס געניי ווי דע־

מאָלט, מיט יאָרן צוריק, מיט מיליאָנען פאַרשניטענע לעבנס צוריק... ווי גאָרנישט־גאָרנישט וואָלט פאַר דער צייט פאָרגעקומען!

שלמה קאָרטשעט זיך פון אומעט און ווייטיק. ער לייגט שנעל אַוועק אַ פּאַפּירל אויפן טישל, וואַרט ער שוין נישט דער קעלנער זאָל אים עפּעס געבן אַ רעשט — לאָזט ער זיך גיין צו דער פּלאַטפּאָרמע, פון וואַנען עס דאַרף אָפּגיין דער צוג.

אינעם גרויסן האָל הילכן און האָגלען טויזנטער מענטשן־טריט. אין די מאָזאַיק־קאַכלעס שפּיגלען זיך די שלאַנקע פיס פון אַ גרופּע מיידלעך, וואָס איילן, צו פיר אין אַ רייע, מיט מושטרירטע גימנאַזיע־טריט, ווי צו אַ ספּאָרט־פאַרמעסט, צום צוג־פּלאַטפאָרם, עס לויפן אָן מאַמעס און מומעס מיט בוקעטן־בלומען אין די הענט. דורך די געוועלבטע עפענונגען, נעבן די זאַל־בויגנס אויפן סופיט ברעכן זיך אַריין קאָנוסן זון־שטראַלן. עס ווערט אַן אָנגעלויף פון עטלעכע צוגן מיט איין מאָל: אומעטום זענען אָנגעלייגט מיט וואַליזעס, מיט גאָלף־שטעקנס און רייזע טאָרבעס; עס קושן זיך מענטשן און עס מישן זיך קולות און לשונות. שלמה איילט דורך די שטאַכעטיקע טויערלעך צום באַן־פּלאַטפאָרם און נעמט שפּרייזן לענג־אויס דעם באַן קאָנוואָי. ער זוכט דעם זעקסטן וואַגאָן פון צווייטן קלאַס און שטייגט אַריין אין פוסטן וואַגאָן. ער קוקט אַריין אין זיין באַן־בילעט און זוכט אויף זיין זיץ־פּלאַץ. ער לייגט אַרויף זיין וואַליזקעלע אויף דער פּאָליצע נעבן סופיט, און כאַפּט זיך אַז אין האַלב־טונקעלן וואַגאָן זיצן שוין עטלעכע מענטשן: אַנטקעגן זיין זיץ־אָרט זיצט אַ פרוי מיט אַ העלן קאַקי־מאַנטל מיט אַ בלויען וואָלענעם שאַל איינגע־הילט דעם קאָפּ; און אַנטקעגן איר זיצט אַן עלטערע, דיקע פרוי אין אַ שוואַרץ דעקאָלטירט זיידן קלייד, אַ באַברילטע, פּאַכעט זי זיך מיט אַ קאַרטאָן־פעכערל און זיפצט. און הינטער דער פּלייצע פון דער פרוי מיטן שאַל, שטייט אַן עלטערער מאַן מיט אַ שטרויענעם פּאַנאַמאַ־הוט, — גלעט ער דער פרוי איבערן שאַל און מורמלט אויף יידיש:

— אַז דו וועסט זיך נאָר נעמען אין די הענט אַריין — וועסטו געזונט ווערן! וועסט נאָך וויסן פון אַ לעבן! — פּאַטש ער איר אין דער פּלייצע אַריין — שפּיי עס אויס, כאַנטשע! שפּיי אויס דיין אומגליק איין מאָל פאַר אַלע מאָל! — גיט ער אַ פּאַטש מיט די הענט ווי מען וואָלט עס שוין אויסגעשפּיגן — איך רעד דאָך צו דיר ווי אַ ברודער... הערסט? —

— לאָז זי אָפּ... — בעט זיך די עלטערע פרוי ביים מאַן — צו וועמען רעדסטו... אַבי דו רעדסט... זי הערט דיך דען? — גיט אויף אים די פרוי אַ קוק מיט פאַראיבל און בלאָזט אָן אַ ברוגזן גווידער.

שלמה האָט זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אויף אַ פרעמדן פּלאַץ און אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט נישט געהערט דעם געשפּרעך.

די עלטערע פרוי האָט אים צוגעוואָרפן אַ בליק און זיך אויפגעשטעלט. זי האָט אָן שום צערעמאָניעס צוגענענט די צוויי טריט צו שלמהן, זיך צוגעבויגן צו אים און זיך צערעדט:

— כ'זע אַז איר זענט אַ ייד. כ'זע אַז איך מאַך נישט קיין טעות, סעניאָר, האַ? — האָט זי נישט געוואַרט אפילו אויף קיין ענטפער און זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים.

— כ'בין אַ ייד, אַ ייד. אוודאי בין איך אַ ייד! — האָט שלמה אַ שמייכל געטון — כ'פאַר קיין קאָרדאָבע. כ'פאַר זיך אָפּרוען אַביסל אין די בערג אַריין. וועט טאַקע זיין היימלעכער מיט יידן צוזאַמען — האָט ער אַ רייב געטון אַ האַנט־פלאַך אין אַ האַנט־פלאַך.

— מיט אונדז — האָב איך מורא — וועט אייך נישט זיין אַזוי היימלעך... — האָט דער מאַן מיטן פּאַנאַמאַ־הוט, אַ טייטל־געטון אויף דער פרוי מיטן שאַל — זי איז נעבעך אַ קראַנקע...

— זי איז נישט קיין קראַנקע, איז זי נישט... זי איז נעבעך אַ פריטש־מעליעטע פון גאָטס צאָרן, וואָס האָט זיך אויסגעגאָסן אויף איר קאָפּ... — האָט די פרוי אַ גלאַנץ־געטון מיט די ברילן־גלעזער — אין איין מינוט האָט זי — נישט פאַר קיין שום מענטשן געדאַכט — פאַרלוירן אַ מאַן און אַ יונגאַטש פון דריי יאָר! אַן אויטאָמאָביל, אַ מלאך־המות, איז אַרויף אויפן טראָטואַר און האָט זיי צעשמעטערט... אין איין רגע זענען זיי ביידע אומגעקומען מיט אַזאַ שוידערלעכן טויט...

— איי, איי, איי! — האָט זיך שלמה אַ הויב געטון פונעם אָרט — אַזאַ אומגליק! ווען האָט זיך דאָס געטראָפן, ווען?

— ס'וועט שוין זיין באַלד אַ יאָר אַכט... און — האָט די פרוי זיך נאָך נענטער צוגעבויגן צו שלמהן און אויסגעטון די ברילן, ווייל אָן די ברילן־גלעזער האָט זי בעסער געזען פון דער נאָענט — און אפשר וועט שוין טאַקע זיין גאַנצע ניין יאָר; פון דעמאָלט אָן איז זי נעבעך געבליבן אַזוי־אָ: גאַנצע טעג רעדט זי נישט אויס קיין וואָרט. נישט זי הערט וואָס

מען רעדט צו איר, נישט זי וויל גאָר הערן... זומער קליידט זי זיך אין ווינטער־מלבושים, און ווינטער — אין זומערדיקע... — גאָט וואָלט שוין געמעגט אויף איר אביסל רחמנות האָבן! — האָט די פרוי אויסגעקרעכצט, אויפגעמאַכט דעם האַנטבייטל און אַרויסגענומען אַ נאָזטיכל.

— וואָס האָסטו זיך עפּעס אָנגעטשעפּעט אין אַ פרעמדן מענטשן?! — האָט דער מאַן מיטן פּאַנאַמאַ־הוט זי אָנגעהויבן שלעפּן צו זיך, און זיך געוואָלט אַוועקזעצן אויף איר אָרט — לאָז מיך, וועל איך שוין דעם מענטשן דערקלערן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך: ווייל איידער וואָס ווען, ווערט דאָך שוין די באַן אַוועק.

— מיש זיך נישט אין מיינע געשעפטן! — האָט די פרוי אָפּגע־שטופּט דעם מאַן און אָנגעכאַפּט שלמהס האַנט — מיר ווילן אייך בעטן, איר זאָלט די אומגליקלעכע פרוי נישט אָפּלאָזן פונעם אויג און זיין נעבן איר די גאַנצע צייט, ביז די באַן וועט אָנקומען קיין קאָרדאָבע. אין קאָרדאָבע וועט מען זי שוין אָפּוואַרטן. סעניאָר, סעניאָר — האָט זי אים געגלעט מיט וואַרעמקייט די האַנט און אים געקוקט מיט געבעט אין די אויגן אַריין — איר וועט פאַרדינען אַ גרויסע מצווה... איר וועט טון אַ גוטע זאַך ר׳ ייד!

— איך וועל טון אַלץ וואָס מען דאַרף! — האָט שלמה געזאָגט אַ גערירטער — אָבער, צי וועט זי זיך האַלטן רואיק אויפן וועג? — האָט ער אַ קוק געטון מיט אומרו צו דער פרוי מיטן שאַל.

— גאָט באַהיט! — האָבן מאַן און פרוי צוזאַמען געענטפערט און אַרויפגעלייגט די הענט אויף די בריסטן, ווי זיי וואָלטן גרייט געווען צו שווערן — זי איז ביי די ריינסטע געדאַנקען... זי איז בלויז פאַרשטומט געוואָרן אין איר צער און ווייטיק! קיינער, קיינער זאָל גאָר נישט געפּרוווט ווערן מיט אַזאַ אומגליק!... — האָט די באַברילטע פרוי זיך צעהעשעט.

שלמה האָט אַוועקגעדרייט דעם קאָפּ, ווי ער וואָלט געווען אַ שול־דיקער אין דער פרויס טרערן. דער מאַן האָט אַרויפגעלייגט די האַנט צו שלמהן אויפן אַקסל און מיט דער צווייטער האַנט האָט ער אים געוואָלט אַריינשטופּן אַ פּאַפּירל אין דער האַנט אַריין:

— סעניאָר, דאָ האָט איר דעם באַן־בילעט פון דער פרוי. זי קען אים נאָך פאַרלירן, איז בעסער איר זאָלט דאָס האַלטן ביי זיך. דאָ האָט איר אויך אַ צענער־פּעזע. אייך וועט אויסקומען פאָרן אַ גאַנצן טאָג ביז

ביינאַכט — זאָלט איר אַזוי גוט זיין און באַשטעלן פאַר איר עפּעס צום עסן. איר זאָלט איר צווינגען זי זאָל עסן! אַז מען צווינגט זי נישט — עסט זי נישט... כ׳זע אַז כ׳האָב דאָ צו טון מיט אַ מענטש! סעניאָר... — האָט ער אים געפּאַטשט אין אַקסל אַריין.

שלמה האָט גענומען דעם באַן־בילעט און צוריקגעגעבן די צענער־פּעזע — האָט ער זיך אויפגעשטעלט:

— דאָס געלט נעמט צוריק. ניין! עס וועט שוין אַלץ זיין אין אָר־דענונג, זייט רואיק! — האָט זיך שלמה אַוועקגעזעצט אויף זיין פּלאַץ אַנטקעגן דער שווייגנדיקער פרוי — איך וועל זיין אייער באַגלייטער ביז קאָרדאָבע — האָט ער צו איר היימיש אַ זאָג געטון.

די קראַנקע האָט פאַרשעמט, ווי אַ קינד, אַ שמייכל געטון צום וואַגאָן־סופיט, אויסגעשטרעקט צו שלמהן אַ האַנט, און אַריבערגעקוקט איבער זיין קאָפּ, ווי עמיצער וואָלט געשטאַנען הינטער זיינע פּלייצעס. ערשט איצט האָט ער אַריינגעבליקט צו דער פרוי אין די אויגן אַריין, זיך אָנגעשפּיגלט אין אירע טריבע אויגן, אין אירע שוואַרצאַפּלען, און געהאַט דאָס געפיל, אַז ערגעץ, גאָר ווייט, אין וואַרשע, ווען ער איז געווען אַ צען־יעריקער יינגל, האָט ער אַמאָל געזען אַזעלכע אויגן: ער איז געשטאַנען אין אַ לאַנגער רייע נאָך ברויט און הינטער אים איז געשטאַנען אַ שוואַנגערע פרוי און געציטערט, געקייט אַ פאַרפרוירן מערל און אַריבערגעקוקט איבער אים מיט אַזעלכע אויגן... שלמה האָט אַ קוועטש־געטון אַ קאַלטע מאַכטלאָזע האַנט און ער האָט אַ שוידער געטון. אַלע זענען אַנטשוויגן געוואָרן.

אין וואַגאָן אַריין האָבן אָנגעהויבן אַריינצושטייגן נאָך פּאַסאַזשירן. דורך די וואַגאָן־פענצטער האָט אַ פּאַסאַזשיר אַריינדערלאַנגט אַ פּאָר וואַליזעס. עטלעכע קינדער זענען אָנגעלאָפן מיט אַ טומל און געפילדער און נישט געוווסט וועלכע פּלעצער צו פאַרכאַפּן. אַלע זיץ־פּלעצער האָבן געלאָקט און אַלע ווילן האָבן זיי זיך איבערגעזעצט אויף אַנדערע ער־טער; די קינדערשע הערצער זענען פול געווען מיט נייגיר, מיט אומגע־דולדיקייט און רייזע־פיבער; אַן עלטערע פרוי, אַן איינגעהויקערטע האָט געסטראַשעט מיטן ווייז־פינגער:

— אַז איר וועט זיך, קינדער, נישט אויפפירן אָנשטענדיק, וועט אייך דער קאָנדוקטאָר אַראָפּטרייבן!

— ס׳קען נישט זיין, באָבע, ס׳גלויבט זיך נישט! — האָט אַ פּינף־יעריק מיידעלע, מיט שוואַרצע לאָקן־פּראַנזן, זיך אַרויפגעשטעלט אויף אַ באַנק און פאַרשייט געטופּעט מיט די פּיסלעך.

— ווערסט שוין זעען, האָב נאָר נאָר געדולד! — האָט די באָבע זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן איר און זי אָפּגעהיטן מיט די בליקן.

דאָס מיידעלע האָט זיך פּאַר שרעק אַראָפּגעזעצט און געדרייט דאָס געלאָקטע קעפּל אין אַלע זייטן. דורך די טירן האָבן זיך, איינס הינטערן אַנדערן, געשטופּט פּאַסאַזשירן און באַגלייטער. אַ פרוי מיט אַ זויג־קינד אויף די הענט האָט אַרויסגעשריגן דורך אַ פענצטער:

— זאָלסט צו מיר רעדן דורכן טעלעפאָן. זאָלסט רעדן! — האָט זי געדראָעט דעם מאַן מיט אַ פינגער און געשמייכלט מיט געטריישאַפט און ליבשאַפט.

ביי די וואַגאָן־פענצטער, אויף דער פּלאַטפאָרם, האָבן זיך אָנגעקליבן באַגלייטער. אוניפאָרמירטע צייטונגס־פאַרקויפער, אוניפאָרמירטע שאָקאָ־לאַד־פאַרקויפער, האָבן זיך אַריינגעדרענגט צווישן די מענטשן־קופּעס און זיך געריסן די העלדזער. לאַסט־וואַגאָנעטקעס האָבן זיך געשלענגלט צווישן עולם און געאיילט צו די לאַסט־ און פּאָסט־וואַגאָנען; שפּעט אָנ־געקומענע פּאַסאַזשירן האָבן אַרויפגעלייגט וואַליזעס אויף די פּלייצעס איבער די זיך־פּלעצער, זיך אָפּגעווישט די פאַרשוויצטע שטערנס און קוים אָפּגעכאַפּט די אָטעמס.

— געזעגן זיך — האָט דער מאַן זיך אָנגעהויבן פאָכען מיטן הוט און אַ קוק־געטון אויפן האַנט־זייגערל — עס פעלט אינגאַנצן אַ פּינף מינוט.

— שוין? — האָט די פרוי מיט צער אַ קוק געטון אויפן מאַן — דאַרף מען זיך טאַקע מיט איר געזעגענען?

— מאַך עס וואָס שנעלער — האָט דער מאַן אַ גלעט געטון דער קראַנקער איבערן שאַל — זיי געזונט, כאַנטשע! מעגסט מיר געבן אַ קוש — האָט ער צו איר אָנגעבויגן די באַק — ווער געהאָלפן! — האָט זיך ביי אים אין האַלדז אַ קרעק געטון.

כאַנטשע האָט פאַרלייגטביידע הענט־פלאַכן ווי צו אַ תפילה, און אַזוי מיט פאַרלייגטע הענט, האָט זי צוגעבויגן אירע ליפּן צום מאַן מיטן פּאַנאַמאַ־הוט און אים געגעבן אַ קוש אין דער באַק. באַלד איז צו כאַנ־

טשען צוגעפּאַלן די דיקע פרוי מיט די ברילן. די קראַנקע פרוי האָט זי אַרומגעכאַפּט ווי אַ טאָכטער אַ מוטער. די פרוי אין די ברילן האָט זיך צעיאָמערט אויפן קול מיט אַ רויט־געוואָרענער נאָז:

— כאַנטשע, כאַנטשעלע... ס׳לעבן וועל איך פאַר דיר אַוועקגעבן! ווער אַ מענטש!

אַ טרויעריק ווינטל האָט דורכגעיאָגט דורכן וואַגאָן. כאַנטשע האָט זיך צוריק אַוועקגעזעצט. דער מאַן מיט דער פרוי האָבן זיך אין גרויס איילעניש געלאָזן צום אַרויסגאַנג. פּאַסאַזשירן האָבן אומגעדרייט די קעפּ און זיי נאָכגעקוקט. עס האָט געדויערט אַ ווײַלע און זיי זענען פאַרפאַלן געוואָרן צווישן די פּלאַטפאָרם־באַגלייטער, וואָס האָבן זיך געדרענגט און געשטויסן נעבן די פענצטער פון די וואַגאָנען. באַלד זענען מאַן און פרוי שטיין געבליבן אונטן, נעבן פענצטער, ווו כאַנטשע און שלמה זענען געזעסן איינס קעגן אַנדערן.

— פאָרט געזונטערהייט און פאַרברענגט גוט! — האָט אַריינגעשטעקט די האַנט דורכן פענצטער דער מאַן מיטן פּאַנאַמאַ־הוט — אַ שיינעם דאַנק אייך!

— גייט געזונטט און זייט רואיק! — האָט אים שלמה געדריקט די האַנט אַן איבערגעראַשטער, ווייל ער האָט שוין געהאַט געטראַכט מיט פאַראיבל, אַז די מענטשן זענען אַוועק און אפילו נישט געהאַלטן פאַר נויטיק מיט אים זיך צו געזעגענען.

— אַ שיינעם דאַנק אייך, סעניאָר — האָט די דיקע פרוי אָנגעכאַפּט שלמהן ביי די שפּיץ פינגער — גיט אויף איר אַכטונג ווי אויף אַן אייגענער שוועסטער!... מען זעט אַז איר זענט אַ מענטש מיט אַ האַרץ! — איז איר פנים פאַרפאַלן געוואָרן אינעם געדרענג.

דער טומל אויפן וואָקזאַל־פּלאַטפאָרם איז געוואָרן שטאַרקער און רוישיקער. קאָנדוקטאָרן האָבן אָנגעהויבן פאַכען מיט גרינע קאָסטאָר־טיכלעך. אַ גלאָק האָט זיך צעקלונגען און אַ שאַרפער פייף האָט איבער־געשניטן די לופט. מענטשן האָבן אָנגעהויבן פאָכען מיט טיכלעך, מיט הוטן, און דער צוג האָט זיך אַ צי־געטון פונעם אָרט און אַ טראַמאַסק געטון מיט די וואַגאָן רעסאָרן; דער לאָקאָמאָטיוו האָט אָנגעהויבן סאָפּען און אַרויסגעפּרייכט רויך־וואָלקנס און רויך־רינגען; דער צוג האָט זיך גענומען רוקן פּאַמעלעך און מיט יעדער רגע אַלץ שנעלער. און וואָס

שנעלער דער צוג האָט זיך אָוועקגעצויגן, אַלץ שנעלער האָבן די באַ־גלייטער מיטגעשפּרייזט, קליינע קינדער האָבן זיך געהויבן אויף אַקסלען און געליאַרעמט.

דער צוג איז פּלינק אַרויס פון אונטערן וואָקזאַל־דאַך, דיאַגאָנאַל־מעסיק געוועקסלט די רעלסן און אַריין צווישן צווי רייען פּראַכט־וואַגאָ־נען, ווי אין אַ טונעל אָן אַ דאַך; עס איז צוריק טונקל געוואָרן אין די וואַגאָנען. די לאַסט־וואַגאָנען האָבן אָנגעהויבן אַנטקעגנלויפן וואָס אַמאָל שנעלער. באַלד איז צוריק ליכטיק געוואָרן. דורך די פענצטער האָבן אַריינגעשווינדלט סיגנאַל־טורעמס און סיגנאַל־סלופּעס. עלעקטרישע צוגן זענען אַנטקעגנגעלאָפן מיט ווינטיק הוראַקאַנישן געזשום. דער צוג האָט זיך געצויגן אין אַ לאַבירינט פון שטאָלענע רעלסן־נעצן, לאָקאָמאָטיוון, פאַבריק שאָפּעס און סקלאַדעס, אַרויסגעלאָפן אויף שטאָלענע בריקלעך, געהויבן זיך איבער וואַל־אָנשיטן, אויפגעהויבן זיך איבער שטאָט־דעכער.

די בוענאָס־איירעסער פאָרשטעטלעך האָבן אַנטקעגנגעיאָגט: רויט־געפאַרבטע באַריערן־שטאַנגען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן. באַריערן־שומרים מיט גרינע פענדלעך אין די הענט האָבן נאָכגעפאָכעט. מחנות אויטאָס, אויטאָבוסן און טראַמווייען האָבן געדולדיקע געוואַרט ביי די קרייץ־גאַסן און אַספאַלט־שאָסייען, געלאָזן פריי דעם וועג, אויפגענומען די סיגנאַל־צייכנס, די סיגנאַל־געקלאַנגען.

דער צוג יאָגט אַריין אין אַ שלוהדיק ליכטיקער וועלט: ביי די ראַנדן פונעם זילבערנעם רעלסן־וועג ציען זיך אַנטקעגן קליינע פּאַלאַצלעך, ווילעס און הייזקעס איינגעוואַקסענע אין צויבער־גערטנדלעך, צעשפּריי־טע אויף גרינע פעלדלעך און לאָנקעס; אַ ליכטע וועלט דופּט מיט בלומען, שמעקט מיט הונדערטער פלאַנצן און שאָטענען מיט צעגרינטעביימער. אַן אַספאַלטירטער וועג ציט זיך אַרויס פון הינטער אַן אָנגעשאָטענעם ערד־וואַל און גאָר ווייטלעך, ביים האָריזאָנט, שפּרייט זיך דער לאַ־פּלאַטאַ־טייך ווי אַ זילבערנער הימל, אַן אויסגעשפּרייטער אויף דער ערד: זיל־בערנע זעגל־שיפלעך גליטשן זיך אויפן וואַסער־שפּיגל. אַ ריזיקער ספּאָרט־סטאַדיום פּוסטעוועט. עלעוואַטאָרן באַהאַלטן זיך הינטער אַ שטאָ־לענער בריק; ריזיקע גאַז־רעזערוואַרן, ווי ריזיק־געל־געפאַרבטע באַלעמס ליגן צעלייגטע אויף גרין־ברוינע טעפּיכער, נאַפט־רעפינעריעס מיט רויכנדיקע קוימענס שפּרייטן מיט נעפּלען אויף פּוסט אָנגעיאָגטע פעלדער.

שלמה האָט אַ פּאַרגאַפּעטער קוים אָפּגעריסן זיין בליק פון פענצטער און געכאַפּט אַ שעמעוודיקן קוק צו דער פרוי, וואָס איז געזעסן אַנט־קעגן אים. עפּעס אַזאַ וואַרעמקייט איז אויפגעגאַנגען אין אים. ער האָט געפילט אַ מאָדנע הארץ־קלאַפּעניש. ער האָט געפילט ווי ער רויטלט זיך און געוואַרט אַז די פרוי זאָל אויף אים כאָטש אַ קוק טון...

די פרוי האָט נישט אָפּגעריסן אירע אויגן פונעם דרויסן. זי האָט פון צייט־צו־צייט געפינטלט נערוועאיש מיט די אויגן און געקוקט צו די פעלדער וואָס האָבן זיך געשפרייט פאַר אירע אויגן. אַלע ווײַלע האָט זי אַראָפּגעצויגן דעם וואָלענעם שאַל איבערן שטערן און זיך געקאָרטשעט אויף איר זיץ־פּלאַץ, ווי עס וואָלט איר געשווידערט פון קעלט.

שלמה האָט איר אַ פרעג־געטון:

— איר ווילט אפשר עפּעס עסן, עפּעס טרינקען? איר מעגט מיך נישט פאַרזאָגן — האָט ער זיך ביי איר צאַרט און פריינטלעך געבעטן.

די פרוי האָט נישט געענטפערט און נאָך מער אַראָפּגעצויגן דעם שאַל איבערן שטערן.

שלמה האָט פאַרוויכערט אַ פּאַפּיראָס, אַרויסגעוואָרפן דאָס אויסגע־לאָשענע שוועבעלע דורכן פענצטער און אַ קוק־געטון אויפן האַנט־זייגער: דער צוג איז שוין געהאַט אָפּגעלאָפן אַ פולע שעה.

אין וואַגאָן האָט זיך געטומלט: פּאַסאַזשירן האָבן געשלאָסן קאָנט־שאַפט. עס איז אָנגעלאָפן אַ קעלנער מיט אַ טאַץ; עמיצער האָט באַ־שטעלט ביר. אַ פרוי האָט באַשטעלט אַ גלאָז מילך פאַר אַ קינד. אַ סאָל־דאַט מיט אַן אָפּגעגאָלטן קאָפּ, אַ רעקרוט, האָט אַרויפגעזעצט אַ ייִנגעלע צו זיך אויף די אַקסלען און אומגעלאָפן צווישן די בענק איבערן וואַגאָן, הין־און־צוריק, מיט פערדישע טריט. דאָס ייִנגעלע האָט געוואַלדעוועט און געקייכט:

— לויף שנעלער! שנעלער! יאָג איבער די באַן! וואַמאָס! — האָט ער אים געפּעטשלט אין גאָלן קאָפּ אַריין.

שלמה האָט זיך טרויעריק צעשמייכלט און אויף אַ ווײַלע אַראָפּגענומען די אויגן פון דער קראַנקער פרוי. ער האָט געטראַכט, אַז זיין מאַמע וואָלט שוין אַזאַ כאַנטשע אַזוי לייכט נישט אָפּגעלאָזט... זי, די מאַמע, וואָלט שוין אין איר אַזוי לאַנג אַריינגערעדט און אַריינגעטענהט, אַז זי וואָלט זי שוין רעדנדיק געמאַכט! זי וואָלט שוין פאַר איר געפונען גאַנצע

בערגער מיט טרייסט און זי וואָלט זי שוין געזונט געמאַכט... און אָט, ער, זיצט ער אַנטקעגן איר ווי אַ שטומער, ווי אַ לעקיש, און קען גאָר־נישט טון, גאָרנישט!...

דער צוג האָט זיך אַלץ געצויגן פאָראויס און געוויכערט מיט ווינט. די צוג־רעדער האָבן מאָנאָטאָן געהאַגלט מיט טויזנטער קלעפּעלעך אין איין רגע. פאַר די פענצטער האָבן זיך געשפּרייט גרין־געלבלעכע פּוסטע פעלדער. טעלעפאָן־סלופּעס האָבן פאַרבייגעשווינדלט און ביי די האָרי־זאָנטן האָבן זיך געפלעקט ווייסע וואָלקנדלעך. סטאַדעס פערד האָבן זיך באַוויזן, זיי האָבן זיך געפּאַשעט מיט אָנגעבויגענע קעפּ צו די שיטערע גראָזן, געגנורעט די אייביק־שטומע מאָרדעס אין דער שפּעט־זומערדיקער טרוקענער ערד אַריין.

אין שלמהן איז אויפגעגאַנגען אַן אומעט. ער האָט זיך אָנגעהויבן קאָרטשען אויף דער באַנק און זיך מצער געווען: ער האָט שוין באַדויערט וואָס ער איז געפאָרן אויף וואַקאַציעס. אומעטום לויפט אים נאָך דער טאָג־און־נאַכטיקער טרויער. דאָס שוואַרצע געמיט פאָרט מיט אים צוזאַמען אומעטום. ניין, ער וועט שוין קיין פריילעכע מינוט אויף דעם וועלטל נישט האָבן...

— איר זעט עפּעס דאָרטן? — האָט פּלוצלינג די פרוי אים אַ וויז געטון מיט אַ פינגער צום האָריזאָנט. — איר זעט נישט עפּעס דאָרטן? — האָט זי געזאָגט מיט אַ געהיימנישפולער מינע און אַראָפּגעשלעפּט דעם שאַל ביז די אויגן.

— דאָרטן? ווו דאָרטן? — האָט שלמה אַן איבערראַשטער אַ צאַפּל געטון און איינגעזשמורעט די אויגן.

— דאָרטן! דאָרטן! דאָרטן, ווייטער ווי דאָרטן... — האָט זי אים מיט־אַמאָל לייכט און היימיש אַ פּעטשל געטון אין דער באַק, ער זאָל קוקן דאָרטן, ווי זי ווייזט אים — דאָרטן זענען זיי! דאָרטן, ווייטער אביסעלע... אַביסעלע ווייטער, ווי דאָרטן... — האָט זי זיך געצאַפּלט מיט שגעון.

שלמה האָט איר געפאָלגט און זיך געמאַכט קוקן צום האָריזאָנט. אין איין רגע איז אים אַ שרעק באַפאַלן און אַנגסטן זענען אים באַ־שלאָגן — ווויי איז מיר! — האָט עס געשריגן אין אים — ווי דערלעבט מען שוין די מינוט, אַז די באַן זאָל שוין אָנקומען אויפן אָרט... דאָרטן! ווי אַן אומגליק, קומט עס צו מיר — האָט ער זיך געריזעט מיט שרעק.

כאַנטשע, די קראַנקע פרוי, האָט זיך נענטער צוגעבויגן צו שלמהן און אים אַריינגערעדט אין פּנים אַריין מיט אַ קראַנקן אָטעם און זינלאָזער עקשנות:

— דאָרטן, ווייטער ווי דאָרטן! איר זעט זיי? יאָ?

— יאָ, יאָ! — האָט שלמה געגאַפּעט מיט פּחד — דאָרטן, דאָרטן, ווייטער ווי דאָרטן! — האָט ער אַרויפגעלייגט אַ האַנט צו כאַנטשען אויפן אַקסל און איר געגלעט — אוודאי דאָרטן... ווייטער ווי דאָרטן!

דער לאָקאָמאָטיוו האָט זיך צעפּייפט מיט טויזנט גרוילן. אויף די פּוסטע פעלדער האָבן זיך געשפּרייט טרויעריקע פּוסטע ווינטן און שטויב זאַווערוכעס. פון אומעטום און פון אַלע זייטן וועלט אָטעמט מיט צער און שגעון. אַלע קראַנקע געמיטער ווירבלען צווישן הימל און ערד און שלמה מיט אַ פּאָר אַרויסגעזעצטע אויגן פון שרעק און שוים אויף די ליפּן גלעט נאָך אַלץ דעם אַקסל פון דער פרוי און בעט זיך:

— שאַ, רואיק! רואיק! דאָרטן, דאָרטן זענען זיי... ווייטער ווי דאָרטן! — אַלע אומגליקן טרעפן נאָר מיך... — האָט ער געצאַפּלט אין זיך זיין פּיין — אָפּרוען האָט זיך מיר פאַרגלוסט...

דער שטויב־שטורעם אויף די פעלדער האָט וואָס אַמאָל שטאַרקער געיאָגט. שוואַרצע וואָלקנס האָבן געיאָגט צום האָריזאָנט, געאײלט אַוועק דאָרטן, דאָרטן...

# אין נעפל

דער לאַ־פלאַטאַ־טייך — דער ברייטסטער טייך אין דער וועלט, וואָס איז צעגאָסן אין דער ווייטקייט ווי אַ ים — האָט אין אָנקומענדיקן פאַרנאַכט שטורמיש געפאַליעט מיט זיינע מוטנע און געלבלעכע וואַסערן, אַרויסגעשפיגלט דעם ליימיקן גרונט פון די טיפענישן און איינגעזאַפט אין זיך דעם אומענדלעכן בלויען הימל אָן וואָלקנס, האָבן די כוואַליעס געבלענדט מיט צעשמעלצטן זילבער און פלאַטין. פון ווייטע אייביקע שניי בערג און אייז פעלדער, האָט אָנגעיאָגט דער דרום־ווינט צו די פאַמפאַ־פליינען און אַטלאַנטיק־ברעגן, האָט דער ווינט געהויכט און געבלאָזן מיט שטעכיקער דורכדרינגענדער קעלט און קאַלטע שוידערן אין סאַמע אָנפאַנג זומער; אין דער פאָרט־זאָנע האָט דער ווינט זיך געשניטן און געריסן צווישן די שיף־מאַסטן און געפייפט און געברומט. פון די נאָענטע באָד־פלאַזשן און פאַרקן, האָבן זיך די געדיכט באַבלעטערטע צווייגן געריסן פון דיביימער־שטאַמען, געוויגט די גרינע קרוינען־קעפ אין אַלע זייטן, געבעזעמט און געשמיסן די לופט און געראַשט ווי די כוואַליעס אויפן טייך, און פונעם טייך אַרויס האָבן די כוואַליעס געשוימט און געראַשט ווי צעשטורעמטע וועלדער, ווי צערוישטע זאַנגען־פעלדער, האָבן די כוואַליעס געפלייצט מיט געוויטער און פאַרפלייצונג, געוואָרפן זיך מיט ווילדקייט אויפן ברעג אַרויס.

און אין דער ווייט, אין מזרח־זייט, ווו די כוואַליעס האָבן זיך באַהאַפטן מיטן הימל, האָט די זון ווי אַ העלפט פון אַ ראָד, אַ ראָד פון אַ הימלישן פייער־וואָגן, איינגעזונקען אין די טיפענישן פון די וואַסערן. און אין דער נאָענט, נעבן איינגעזונקענעם ראָד, האָט אַ פיר־מאָטאָרדיקער

הידראָ־אַוויאָן, ווי אַ ריזיקער זילבערנער פויגל מיט צעשפּרייטע פּליגל
זיך געוויגט און געהוידעט אויפן וואַסער־שפּיגל און אָפּגעוואַרט אויף דער
רגע, אַז דאָס קליינע ברוין־געפאַרבט מאָטאָר־שיפל, וואָס האָט זיך אויס־
באַהאַלטן און געטוליעט אונטער די פּליגל, זאָל זיך אָפּטשעפּען און צוריק
אַוועקשווימען; אַז דאָס מאָטאָר־שיפל האָט זיך צעזשומעט און אַרויסגע־
גליטשט זיך פון אונטער די פּליגל און אַוועק צום ברעג, האָט זיך דער
זילבערנער פויגל אויסגעקערעוועט מיטן עק און אָנגעהויבן רוישן מיט די
מאָטאָרן ווי אַ צענדליק שטורעמווינטן וואָלטן זיך באַגעגנט, די טרייב־
פּראָפּעלערן האָבן צעוויכערט און געשווינדלט אין דער לופטן — האָט
דער הידראָ־אַוויאָן אָפּגעצויגן און אַוועקגעגליטשט איבער די כוואַליעס,
זיך אָפּגעקלעפּט צוביסלעך פונעם פּליסיקן זילבער און איבערגעלאָזט
הינטער זיך אַ שוימיקן צעקאָכטן איינשניט אויפן טייך, איז די פּלי־מאַשין
פון רגע צו רגע קלענער געוואָרן און איינגעזונקען אינעם ווייטן כוואַליע־
דיקן האָריזאָנט.

חיים עסטערקינד, דער שאָפער מיטן געליזיכטיקן פּנים און איינגע־
הויקערטער פּלייצע, פון „יאָרן און יאָרן טאָפּן אַ וואַנט...“ האָט זיך צע־
שפּיליעט דעם קראַגן און אפילו נישט אַרויסגעקוקט דורכן אַוויאָן־
פענצטערל. ער האָט געהאַלטן אין דער האַנט דאָס גומענע אָקסיגען־רערל
און זיך באַבלאָזן דאָס פּנים, אַריינגעבלאָזן אין צעשפּיליעטן העמד אַריין.
פּונקט ווי עס איז אים מיט מינוטן צוריק געווען קאַלט און עס האָט
אים געשוידערט און געשטאָכן אין דער פּלייצע און דער ווינט האָט אים
דורכגענומען דורך און דורך — אַזוי האָט אים איצט, אינעם הערמעטיש־
פאַרשלאָסענעם הידראָ־אַוויאָן, געפּייניקט אַ נודנע היץ און אַ שטיקע־
ניש; ער האָט זיך געווישט דעם פּייכטן שטערן מיטן טיכל און זיך נישט
געקענט געפינען קיין אָרט אין די ווייך־געבעטע, ברייטע פּולמאַן־פּאָטעלן;
חיים, דער טאַקסי־שאָפער, וואָס איז געווינט אַ צען־צוועלף שעה אינעם
מעת־לעת אַרומצופאָרן מיט זיין אויטאָ איבער בוענאָס־איירעסער גאַסן,
האָט זיך קיינמאָל נישט געפילט גוט אינעם אַוויאָן; ער האָט אָבער קיינ־
מאָל נישט געהאַט קיין געדולד צו פאָרן קיין מאָנטעווידעאָ מיט דער שיף.
דער אויטאָ, אַ שותפותדיקער, האָט נישט געגעבן קיין איבעריקע
צייט. העקטאָר ראַמאָס, זיין שותף צום קאָטש, האָט שוין אַ שטיק צייט
צו טון מיט די נירן, פונעם אייביקן הוידען זיך אין דער מאַשין. און אַז

דער קאַטש שטייט און קיינער פאַרט נישט — זענען קיין פאַרדינסטן נישטאָ! און היינט איז פונקט געוואָרן אַ צייט, אַז מען פאַרט פאַרדינט מען דעם טאָלער. אַ טראָפּן נאַפּט ווערט נישט קאַליע... אָבער מען דאַרף נאָר אַרומפאָרן, זיצן ביים רעדל, זיצן און נישט פאַרלירן קיין מינוט!

און פאַרן לעצטן יאָר איז שוין חיים געפאָרן אַ סך מאָל קיין מאָנטעווידעאָ. מיט אַ יאָר צוריק איז געקומען קיין אורוגווייַ אויף אַ טראַנזיט־וויזע קיין פּאַראַגווייַ, זיין יינגסטער ברודער משהלע... משהלע איז טאַקע דער איינציק איבערגעבליבענער פון דער גאַנצער משפחה. נאָר אים אַליין איז עס געלונגען זיך אַרויסצורייסן פון די מערדערישע דייטשע לאַפּעס... ער איז אַנטלאָפן מיט זיין פרוי קיין רוסלאַנד. און דאָרטן זענען זיי אַזש פאַרוואָגלט געוואָרן אין מיטל־אַזיע, קיין אַשכאַבאַד. דאָרטן האָבן זיי איבערגעלעבט די מלחמה. פון אַשכאַבאַד זענען זיי שוין געקומען מיט אַ קינד פון אַ יאָר פינף, אַ מיידעלע, זאָשקאָ רופן זיי דאָס... משהלע איז אינגאַנצן אַלט געווען אַ יאָר פיר־פינף, ווען חיים, דעמאָלט אַן אַכצן־יעריקער בחור, איז אַוועק פון דער היים אין דער וועלט אַריין. ער, חיים, געדענקט נאָך גוט פון דעמאָלט אָן, אַז משהלע איז געווען אַ בלאָנד יינגעלע מיט גאָלדענע לאָקן און אַ קלאָר־ווייס פּנימל; היינט איז דער ברודער אַ שוואַרצער, אַ טונקל־הויטיקער, ווי אַ ציגיינער; דאָס ווייבל זיינס, די שוועגערין העלענאַ, רופט דעם מאַן נאָר מאַניעק. זיי רעדן צום קינד, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין אַשכאַבאַד, נאָר אויף פּויליש און צווישן זיך נאָר אויף פּויליש... ווי נאָר חיים האָט זיך דערוווסט, אַז דער ברודער איז צוריקגעקומען קיין פּוילן, האָט ער אומעטום אָנגעבאָרגט געלט און אַלץ געטון: געשיקט אים פּעקלעך, געשיקט אים געלט, דאָלאַרן, געמאַכט פאַר זיי אימיגראַציע פּאַפּירן... גאַנצע טעג אָפּגעליגן אין „דזשאָינט" און אויסגעבעטלט שיפסקאַרטן! נאָך איצט ליגן וועקסלען אין די בענק, וואָס מען דאַרף יעדן חודש אויסלייזן... און אַז זיי זענען שוין, אין אַ מזלדיקער שעה, אָנגעקומען קיין מאָנטעווידעאָ, האָט משהלע באַשלאָסן צו בלייבן דאָרטן. משהלע איז אַ פידלער, אַ נישקשהדיקער פידלער. ער האָט באַלד באַקומען אַרבעט אין אַ קאַבאַרעט, וואָס געהערט צו אַ דייטשן ייד. דאָרט גייט משהלע אָנגעטון ווי אַ ציגיינער און שפּילט צווישן די טישלעך. אַ דאַנק זיין שוואַרצקייט און ברוינהויטיקייט איז משהלע פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ ציגיינער מיטן נאָמען שאַנדאָר בלאַוואַט. מילא... מיט יאָרן צוריק האָט חיים באַקומען בריוו פון דער היים, אַז „משהלע וואַקסט אַ

גרויסער מוזיקער! ס׳וועט נאָך מיט אים קלינגען אַ וועלט!...״ אַז חיים, — דער זעלבער חיים וואָס איז אַמאָל מיט יאָרן צוריק אָפּגעליגן אַלס „קלאַקער״ אינעם „קאַלאָן״־טעאַטער — האָט צום ערשטן מאָל געהערט שפּילן דעם ברודער אויפן פידל, האָט ער זיך באַלד איבערצייגט, אַז מיטן ברודער וועט שוין די וועלט נישט קלינגען... משהלע אָבער האַלט פון זיך אַ וועלט, אַז ס׳ווערט אים אַזש פיינלעך... משהלע האָט זיך אַליין צוגערעכנט צו די גרויסע פידל־ווירטואָזן: — „פּאַגאַניני, סאַראַסאַטי און קובעליק זענען געווען גרויסע מייסטערס, און, ביז היינט, ווייסט נאָך נישט די וועלט, וואָס זיי האָבן באמת באַדייט... חפץ, עלמאַן, קרייזלער, מינוכין, הובערמאַן און נאָך אַ פּאָר צוזאַמען מיט מאַניעק עסטערקינד — קענען האַלטן פידלען אין די הענט! אַלע איבעריקע זענען אָפּנאַרערס, קאַליקעס, פושערס! מען דאַרף זיי צעברעכן די הענט, אַז זיי זאָלן שוין קיינמאָל נישט קענען נעמען קיין פידלען אין די הענט אַריין!״ און אַז משהלע גייט אַריין אין באָד־צימער, קען ער אָפּשטיין שעהן גאַנצע ביים שפּיגל ביז ער פאַרקעמט זיך... און חוץ דעם אַלעמען, איבער די אַלע זאַכן, בענקט חיים נאָכן ברודער און אַלע מאָל פּליט ער זיך זען מיט אים, זיך זען מיט דער שוועגערין און מיט דער קליינער פּלימעניצע זאָשקאַ... דאָס אַריינפאָרן איז אַלע מאָל פול מיט אַביסל פרייד און דערוואַרטונג. און דאָס צוריקפאָרן איז עפּעס נישט ווי ס׳וואָלט באַדאַרפט צו זיין: אַלע מאָל קומט חיים צוריק קיין בוענאָס־איירעס אַ מרה־שחורה־דיקער און אַ פאַרקלערטער. אַלע מאָל ברענגט ער מיט פון דער שוועגערין שטעכווערטלעך און פונעם ברודער הערט ער אָפּטמאָל חוצפּהדיקע רייד אָן אַ טראָפּן דרך־ארץ, ווי ס׳קומט אָן עלצטן ברודער... איין מאָל האָט ער אפילו חוזק געמאכט פון זיין אָרעמקייט! ווען ער, דער ייִנגערער ברודער, מאָניעק, וואָלט שוין געווען אַזוי פיל יאָרן אין די לענדער, וואָלט ער שוין באַלד פאַרמאָגט אַ מיליאָן פּעזעס... ער וואָלט שוין פאַר־מאָגט! אַ צווייט מאָל האָט ער זיך מיט אים געוויצלט און אים געזאָגט אויף פּויליש: „בראַט ניע שמיערדזשי אי ניע פּאַכניע...״ אַז חיים האָט אים נישט אָנגעכאַפּט ביים גאָרגל איז ער געווען שטאַרקער פון אייזן! ער האָט אים אין זיך אַליין פאַרענטפערט: איצט געקומען פון דאָרטן... נאָך אַזעלכע איבערלעבענישן... מען דאַרף זיי מוחל זיין אַ נאַריש וואָרט! מילא... אָבער מיט דער שוועגערין איז נאָך ערגער: זי שנורעט גאַנצע

טעג די ליפּן אויף פּויליש און קוקט אויף אים ווי אויף אַ גראָבן יונג, ווייל ער קען קיין פּויליש נישט רעדן... אַלעמאָל דערציילט זי כּוֹן איר גבירישן אָפּשטאַם, ווי אַזוי זי, העלענאַ, האָט זיך פֿאַרליבט אין מאַניעקן, ווי אַזוי אירע עלטערן זענען געווען קעגן שידוך, ווייל עס איז זיי נישט אָנגעשטאַנען דער יחוס... אַלץ וואָלט נאָך געווען צו דערליידן, ווען די שווערע וואָלט נישט געהאַט אין זיך פֿאַרשייטע גענג: טאָג און נאַכט רויכערט זי טייערע נאָרד־אַמעריקאַנער ציגאַרעטן, גייט אייביק אַרום אין נישט גאָר זויבערע, זיידענע פּיזשאַמעס און דאָס לייב איז ביי איר הפקר, נאַקעט; שטענדיק זעען זיך ביי איר אַרויס די בריסטן, די נאַקעטע אָרעמס, די נאַקעטע פּלייצע ביזן גאַרטל — איז זי אַן אומגעלומפּערט קאָקעטיש שטיק פֿלייש!

חיים שפּייט אַריין אינעם טיכל און קוקט זיך אַרום: דער גערויש פֿון די מאָטאָרן זשומט אין די געהירן. ער כאַפּט אַ קוק אַרויס דורכן געפּאַנצערטן פֿענצטערל און באַמערקט, אַז אין דרויסן, אונטן, לעשט דער ים זיך אויס און הילט זיך מיט שוואַרצע שאָטנס. עס ווייזט זיך אויס, אַז דער אַוויאָן הענגט אַ פֿאַראַנקעטער אין די לופֿטן, צווישן הימל און וואַסער, און רירט זיך נישט פֿונעם אָרט. אַנטקעגן אים זיצט אַן עלטערע פֿרוי, מיט אַ גרוי־קאַרבירטן קאָפּ לאָקן און אַ טונקל־בלוי, זיידן קלייד; די פֿרוי זיצט אַן איינגענורעטע אין דער אויסגעבעטער שטול און קוקט אויף אים מיט חידוש און נייגיר. פֿון דער אויבערשטער פּילאָטן־קאַבינע, נידערט אַראָפּ אַן אָפֿיציר פֿון דער קאָמאַנדע־מאַנשאַפֿט, גייט דורך אינעם קאָרידאָר, וואָס צעטיילט די אַוויאָן־קאַבינעס, בלאַנקט ער מיטן ווייסן מונדיר און שטעלט זיך אָפּ נעבן יונגע פֿריילינס, מיט ראָזע, זיידענע טיכלעך אויסגעבונדענע אויף די קעפּ, ווי טורבאַנען, און בעט זיי העפֿלעך:

— סעניאָריטאַס, איך בעט באַגלייטן מיך צו די פֿאָדערשטע קאַבינעס.

— מיר פֿילן זיך דאָ זייער באַקוועם. — שמייכלט די פֿריילין און בלאַנקט מיט אַ מויל פּערלדיקע ציין.

— עס האַנדלט זיך נישט אין באַקוועמלעכקייט — בויגט זיך דער אָפֿיציר קאַוואַלירמעסיק — עס פֿאָרן היינט ווייניק פּאַסאַזשירן און מיר מוזן צעטיילן די פּאַסאַזשירן אין פּראָפּאָרץ צו די קאַבינעס. די הינטערשטע קאַבינעס זענען פֿולשטענדיק ליידיק.

— גוט. — זענען נאָכגיביק די פריילינס און שטעלן זיך אויף — אַז מען פאַרלאַנגט אַזוי... — זענען זיי נאָכגעגאַנגען נאָכן אָפיציר.

— און מיך לאָזט איר אַליין, קאָמאַנדאַנט? — שרייט אַרויס אַ פּאַסאַזשיר פון אַ צווייטע קאַבינע — איך גיי אויס פון אומעט, האָט זיך עמיצער געוויצלט.

— אָרעמינקער! — שרייט צוריק דער אָפיציר און ווונקט אַריין צום פּאַסאַזשיר גנביש מיט אַן אויג.

די פרוי אַנטקעגן חיימען פאַרלייגט אַ פוס אויף אַ פוס און זאָגט אויף יידיש:

— אונדז באלעסטיקט מען נישט, ווייל מיר זענען שוין עלטערע מענטשן. — צעשמייכלט זי זיך.

— ווי אַזוי האָט איר דערקענט, אַז איך בין אַ ייד? — פרעגט חיים אַן איבערגעראַשטער.

— אָ, — זאָגט די פרוי איראָניש — מען דאַרף טאַקע האָבן אַ שאַרף אויג צו דערקענען אַז איר זענט אַ ייד!

— דער ייד ליגט מיר טאַקע אויף דער שפּיץ נאָז. — האָט זיך חיים צעשמייכלט און אַ וויש געטון מיט די פינגער איבער דער נאָז — מיט אַזאַ הולך, וואָלט מיך מיין זיידע נישט אָנגענומען פאַר אַ יידן...

— ס׳רעדט זיך נאָר אַזוי! — האָט די פרוי זיך באַבלאָזן מיטן אָקסיגען־רערעלע — איך קום אַזש פון מיסיאָנעס. איך ווויין דאָרטן מיט מיין מאַן אין אַ קליין פאַרוואָרפן אָרט, ווו מיר זענען די איינציקע יידן; אַז ס׳לויפן אמאָל פאַרביי וואָכן גאַנצע און מיר זעען נישט קיין יידן פאַר די אויגן — כאַפּט אונדז אָן אַ בענקשאַפט, ממש אויסצוגיין... שפּעט ביינאַכט, צוויי מאָל אין דער וואָך, גייען מיר צום וואָקזאַלעכל אָפּוואַרטן די צוגן און זען צי ס׳פאָרט אַמאָל נישט פאַרביי אַ ייד. אַז ס׳גייט פאַרביי אַ צייט און ס׳פאָרן נישט דורך קיין יידן, ווערט מיין אַלטער ממש קראַנק...

— איז וואָס זשע ווינט מען אין אַזאַ העק? — פרעגט חיים.

— פרנסה ר׳ ייד, פרנסה! — טופּעט די פרוי מיט די פיס אינעם פּאָל — מען קען זיך גאָרנישט העלפן... און איצט, אַז כ׳פאָר קיין מאָנטע־ווידעאָ אָפּוואַרטן אַ פּלימעניצע, וואָס האָט זיך דורך אַ נס אַרויסגעראַטעוועט פונעם קאַלך־אויוון אַרויס — מעגט איר שוין מיין אלטן שטאַרק מקנא־זיין דאָרטן... כ׳גיי אויס פון יסורים!

— אין דעם זכות וועט אים דער אויבערשטער צושיקן אַביסל יידן פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס איר וועט דאָרטן נישט זיין. — זאָגט חיים מיט האַרץ און רחמנות.

ביידע זענען אַנטשוויגן געוואָרן. די אַוויאָן־מאָטאָרן האָבן זיך צעזשומעט וואָס אַמאָל רעשדיקער און דער אַוויאָן האָט זיך צעוויגט אויף רעכטס און לינקס, געהויבן זיך מיט דער נאָז, ווי עס וואָלט דער לופט־שיף געריסן וועך אויף צוריק. הינטערן ווענטל, אין דער צווייטער קאַבינע האָט עמיצער זיך געקרעקט און געבראָכן. דער אָפיציר האָט ווידער דורכגעשפּאַנט דורכן קאָרידאָר און באַפוילן:

— אַרומגאַרטלען זיך, מיר גייען זיך אַראָפּלאָזן, אויסלעשן די ציגאַרעטן!

די מאָטאָרן האָבן זיך נאָך מעכטיקער צערוישט. דער גרויליקער זשום האָט געווירבלט אין די מוחות און הערצער. דורך די פענצטערלעך האָט זיך אַריינגעשוואָרצט די אַנטקעגנגעקומענע נאַכט. אַ ריזיקע בלוט פאַרגאָסענע לבנה האָט זיך געהויבן אַנטקעגן חיימס פענצטערל. רויטע וואָלקנס אָנגעפלאַמטע אין הימלישע פייערן האָבןביים ראַנד הימל באַלויכטן אָפּגרונטן מיט אונטערגעגאַנגענע שיפן; דראַגאָנען מיט הערנער און אויפגעטרענטע בייכער האָבן נאָכגעשלעפּט אין די הימלען אַריין די אינגעווײדן; אַ סטאַדע שאָף איז אומגעשוווּמען אויף אַ שמאָל, גרינלעכן טייך און זענען אַריינגעשוווּמען אין דער לבנה אַריין...

אַז דער זילבערנער פויגל איז שטיין געבליבן ביי דעם שטיינערנעם פּאָרט־וואַל, וואָס האָט זיך אַריינגעגאַרטלט אין ים אַריין אַנטקעגן מאָנטעווידעער פּאָרט, מיט אָנגעוואָרפענע בערגער רויטע פעלדזן שטיינער, — האָבן שוין טויזנטער פייערן זיך געצונדן און געלאָשן איבער דער שטאָט און אַריינגעמיניעט אינעם ים אַריין. פונעם סעררראָ־באַרג האָט אַלע ווײַלע אַ בליק־אויף־געטון דער לויכטורעם. רויטע און גרינע פייערלעך האָבן אַרויסגעוווּנקען פון די כוואַליעס אַרויס. די שטאָט האָט אַנטקעגנגעאָטעמט מיט פאַרשידענע קולות.

חיים האָט געאײַלט אין אַ טאַקס־אויטאָ מיט זיין קליין וואַליזקעלע אויף די קניען. דער אויטאָ האָט געאײַלט לענג־אויס דער צעלויכטענער אַווענידאַ דיעז־אי־אָטשאָ דע כוליאָ, און אַלע ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט. חיים האָט נערוועז און שנעל געראויכערט און געפיבערט מיט אומגעדולד:

— פאָרט מיט אַ זייטיקער גאַס. — האָט ער זיך געבעטן ביים שאָפער.

— סעניאָר, — האָט דער שאָפער אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום פּאַסאַ־זשיר — ס'איז היינט דער פיר און צוואַנציקסטער דעצעמבער. ווייניאַכטס! די שטאָט איז איצט ווי אַ קאָכעדיקער קעסל...

— ווען איך וואָלט געזעסן ביים רעדל, וואָלט איך זיך שוין אַרויס־באַקומען פונעם קעסל אַרויס. — האָט ער אַרויסגעוואָרפן דאָס קורץ שטיקל טליענדיק סיגאַרעטל דורכן פענצטער.

— מען זעט, סעניאָר, אז איר האָט קיינמאָל קיין אויטאָ נישט געפירט. — האָט זיך דער שאָפער באַליידיקט און געטרובעט מיט כעס.

— גערעכט, סעניאָר, גוט געזאָגט! אַנטשולדיקט... — האָט אים חיים לייכט געפּעטשלט אין דער פּלייצע אַריין מיט חוזק — לאָמיר זיין פריינט. — האָט ער ווידער פאַררויכערט און מכבד געווען דעם שאָפער מיט אַ פּאַפּיראָס.

אַז חיים איז אָנגעקומען צו דער טיר פונעם ברודערס הויז, איז ער שטיין געבליבן אַ ווײַילע אַ דערשעפּטער. דאָס האַרץ האָט ביי אים געקלאַפּט פון אומגעדולד און בענקשאַפט. ער האָט געצאַפּלט און געפיבערט און זיך פאָרגעשטעלט ווי זיינע לייט וועלן זיך מיט אים דערפרייען און בלייבן שטיין מיט אָפענע מיילער פון איבעררַאשונג. ער האָט לייכט אַ קלונג געטון און פלינק אַרויפגעלאָפן אויף די טרעפּ. עס איז אים אַנטקעגנגע־גאַנגען די שוועגערין, העלענאַ, מיט די אייביק צעפּאַטלטע האָר און צע־שפּיליעטער רויטער קימאָנע; זי האָט זיך אַ צאַפּל געטון פון איבעררַאַ־שונג, אויסגעגלאָצט אַ פּאָר קאַלטע אומפרייַנטלעכע אויגן, האָט זי אָנגע־הויבן פארשפּיליען די קימאָנע, און אים פאַרשטעלט דעם וועג ווי אַ סלופּ:

— אָ, שוואָגער! וואָס עפּעס אַזוי אומגעריכט? פאַרוואָס האָט איר נישט גערעדט טעלעפאָניש! מאַניעק וואָלט אייך אָפּגעוואַרט... — האָט זי אים געגעבן אַ קאַלטע האַנט.

— ווו איז משהלע? ווו איז ס'קינד? — האָט ער געוואָלט אַרויפגייך אויפן לעצטן טרעפּל צום פּאַיע, נאָר העלענאַ האָט נישט פרייגעלאָזט דעם וועג. חיים האָט דער שוועגערין א צי געטון ביי דער האַנט צו זיך, און דערשטוינט געפרעגט:

— איר לאָזט דאָך מיך נישט דורכגיין... וואָס טוט איר?

— ווער לאָזט אייך נישט דורכגיין?... — האָט זי אין פאַרלעגנהייט אפילו אַ שמייכל געטון — זייט נישט אַזוי נערוועז... — האָט זי זיך אַביסל פון אים אָפּגערוקט און אָנגעהויבן רופן: — מאָניעק, מאָניעק, אַ גאַסט איז געקומען!

חיים איז שוין געבליבן שטיין פאַרן לעצטן טרעפּל און זיך אַרומ־געקוקט: אַלע צימערן זענען געווען העל באַלויכטן און פונעם גרויסן עס־צימער, האָט גאָר אַרויסגעשיינט אַ משונהדיקע ראָזע ליכטיקייט, ווי פון אַן אילומינאַציע; די שווּעגערין האָט אויסטערליש געפינטלט מיט די אויגן, אומאויפהערלעך פאַרקנעפּלט די געבלומטע קימאָנע און נישט גע־קענט פאַרקנעפּלען..

העלענאַ האָט זיך שוין גערויטלט און געשריגן אַ צעיאָכמערטע:

— מאָניעק, מאָניעק! טויב ביסטו געוואָרן? הערסט נישט אַז איך רוף דיך? דאָ דיאַבלאָ!

מאָניעק, משהלע דער ברודער — אַ פאַרפּוצטער מיט אַ גרין־אויס־געהאַפּטן ציגײַנעריש העמדל, מיט פאַרשפּיליעטע מאַנקעטן — איז אַנ־געלאָפן ווי פון אַ שׂרפה, א דערשראָקענער, און שטיין געבליבן ווי אַ פּאַ־ראַליזירטער; באַלד אָבער איז ער געקומען צו זיך, אויסגעגלייכט די פּלייצע, אַ נערוועאישן טרייסל געטון מיט דער גלאַנציקער טשופּרינע און צעפּירט די הענט:

— וואָס ביסטו עפּעס אַזוי אַראָפּגעפאַלן, ווי פון אַ הימל אַראָפּ? וואָס אַזוי פּלוצלינג? כ׳האָב דאָך דיך געבעטן, אַז ווען דו וועסט נאָר האַלטן ביים קומען, זאָלסטו לאָזן וויסן פריער... — האָט ער זיך שיר פאַרקרעקט.

חיים האָט דערפילט און דערשמעקט, אַז אין דער שטוב קומט איצט פאָר אַ מאָדנע געשעעניש... ער האָט אַרויפגעקוקט צום ברודער, זיך איינ־געקוקט אין זיין יום־טובדיקן, פּייערלעכן אויסזען און געזאָגט מיט חשד:

— עפּעס פיל איך, אַז איך בין דאָ אַריינגעפאַלן ווי אַ נישט געבעט־טענער גאַסט אויף אַן אויסבאַהאַלטענער חתונה... — האָט חיימס פּנים זיך פאַרכמאַרעט מיט געפאַלנקייט — וואָס פאַראַ פאַרברעכן באַגיי איך, אַז איך פאַרבענק מיך און קום אומגערעכט? — האָבן זיך די אויגן ביי אים צעגלאַנצט מיט פייכטקייט.

די שווּעגערין האָט זיך צוגעשאַרט נעבן מאַן, אים בגנבה אַ צי־געטון ביים אַרבל און פאַרשנורעט די ליפּן:

— דער שוואָגער איז צופיל סענטימענטאַל. — האָט זי צו אים גע־רעדט אין דער דריטער פּערזאָן — ווען איך און מאַניעק וואָלטן מיר געווען אַזוי סענטימענטאַל — וואָלטן מיר שוין היינט נישט געלעבט!

— מילאַ, אַזוי, שוועגערין,בין איך... אַ מענטש קען דאָך פון דער אייגענער הויט נישט אַרויסקריכן... — האָט חיים מיט אַלע זיינע חושים געזוכט צו דערגיין, וואָס אין דער שטוב קומט פאָר...

— ווען אַזאַ מענטש ווי דו וואָלט געלעבט אין וואַרשע אין דער צייט ווען די דייטשן האָבן געבושעוועט, און מען וואָלט דיר געגעבן די פּריווילעגיע און מען וואָלט דיך געלאָזט לעבן אויף דער אַרישער זייט — וואָלסטו אויך נישט אויסגעהאַלטן און וואָלסט געשטאָרבן פון פּיין! — האָט דער ברודער אַרויפגעלייגט אַ האַנט צו חיימען אויפן אַקסל — הע־לענאַ איז גערעכט: ביסט צו סענטימענטאַל... צו...

— וואָס איך בין — בין איך! — האָט חיים אַראָפּגעשאַרט דעם ברו־דערס האַנט — חיים דער שאָפער פון בוענאָס־איירעס, וואָס האָט, מסתמא, טויזנטער פאָרלעך איבערגעפירט מיט זיין אויטאָ אין די האָטעלן אַריין צו געניסן פון פאַרבאָטענע ליבשאַפט, און אויסגעשמועסט זיך מיט טויזנ־טער פאַרדעכטיקטע פאַרשוינען און אונטערגעהערט ווילנדיק, נישט־ווילנ־דיק, אַזוי פיל געשפּרעכן, בעת ער האָט אַרומגערעדלט אינעם אַלטעג־לעכן לעבנסמאַרש — האָט חיים, דער שאָפער, פאַרשטאַנען, אז מען פאַר־רעדט אים מיט רייד, וואָס האָבן אַ פאַלשן און באַהאַלטענעם מיין — האָט ער האַסטיק פאַרבייגעשפּרייזט דעם צעחושט געוואָרענעם ברודער און אַריינגעלאָפן אינעם עס־צימער אַריין און געבליבן שטיין מיט אַ צעעפנט מויל און אַרויסגעזעצטע אויגן:

אין עס־צימער, לעבן אַ רייך־געגרייטן יום־טובדיקן טיש, איז גע־שטאַנען אויף אַ געשטעל אַ גרויסער צעצווייגטער נאָדלבוים, אַ ניטלבוים! דער ניטלבוים איז געווען באַהאָנגען און באַצירט מיט גאָלדענע און זיל־בערנע פעדעם און טאַשמעס, באַהאָנגען און באַצירט מיט גאָלד־באַ־פּינטלטע און זילבער־באַפּינטלטע שטערן, מיט אויפגעטשעפּעטע באָמבל־דיקע אין אַלע קאָלירן געפאַרבטע קוגלען, מיט אַרטיפיציעלן שניי באַשאָטן אויף די צווייגלעך; און אויף יעדן צווייגן האָבן געברענט און געמיניעט עלעקטרישע ליכטלעך מיט אַלע קאָלירן פון רעגנבויגן, און צווישן די פייערלעך האָבן געגעסטיקט ווייסע שעפעלעך, ווייסע קאַטשקעלעך,

טייבעלעך... און אונטן אויפן געשטעל, איז אויף אַביסל דין געשניטענעם היי, געליגן אַ נאַקעט ליאַלקעלע מיט צענומענע הענטלעך, ווי אַ נאַר־וואָס געבוירן קינד...

— בעסער וואָלט איך בלינד געוואָרן אויף אייביק! בעסער וואָלט איך נישט דערלעבט דעם היינטיקן טאָג! — האָט חיים פאַרביילט די פויסטן.

די קליינע זאָשקאָ איז אַריינגעלאָפן, זיך נישט אומגעקוקט אויפן פעטער, און פאַרלייגט די הענטלעך ווי צום זאָגן „פּאַטשיעזש״:

— ווי שיין דאָס איז! צודאָוניע! — האָט דאָס קינד געגאַפט און זיך געטוקט אינעם שיין פונעם ניטלבוים.

— פּאַיאַצן! — האָט חיים אַ קנאַק געטון מיט דער פויסט אין טיש אַריין, אַז אַלע טעלער האָבן זיך אַ טרייסל געטון — ווען איך זע דאָס נישט מיט מיינע אויגן, וואָלט איך דאָס נישט געגלויבט...

— מאַמושאַ, מאַמוניאַ, — האָט זיך דאָס קינד דערשראָקן — פאַר־וואָס שרייט דער וויאַשעק? וואָס וויל ער? — האָט דאָס קינד זיך איינגע־נורעט אין דער מוטער.

— זאָל דער שוואָגער נישט געוואַלדעווען, זאָל דער שוואָגער מיר נישט איבערשרעקן ס׳קינד! — האָט די שוועגערין זיך אַוועקגעשטעלט נעבן ניטלבוים — יעדער פירט זיין וועלט ווי מען פאַרשטייט... — האָט זי אים מיט חוצפה דורכגעשפּיזלט.

— אוודאי פירט זיך יעדער ווי ער וויל! — איז חיים געקומען צו זיך און שווער געאָטעמט — איך זע שוין ווי איר פירט זיך דאָ...

— איז וואָס זשע? — האָט העלענאַ פאַרלייגט די הענט אויף די באַ־קעס — דער שוואָגער איז דאָך אַ נישט־גלויביקער... וואָס צערייסט איר זיך דעם ספּאָדעק, אַז מיר ווילן פאַרשאַפן אונדזער קינד אַביסל פאַרגע־ניגן? מיר האָבן דאָס געטון צוליב דעם קינד, צוליב זאָשקאַן. ס׳איזביים קינד אַ שפּילעכל, אַ פרייד.

דער ברודער האָט אַריינגעלייגט ווילינגעריש די הענט אין די הויזן־קעשענעס און אָפּגעמאָסטן דעם ברודער פון אויבן ביז אַראָפּ:

— זיי נישט אַזאַ כניאָק, חיים... אונדזער קינד און מיר אַליין, האָבן מיר צוויי יאָר קיין ביסל מילך און קיין שטיקל פּוטער פאַר די אויגן נישט אָנגעזען! — האָסטו זיך דעמאָלט שטאַרק צעריסן דעם ספּאָדיק,

האָ? מאַך נישט קיין טראַגעדיע פון אַזאַ נאַרישקייט, חיים... אַנטקעגן אונדז ווינט אַ באַנקיר. זיין קינד שפּילט זיך מיט זאַשקאַן, האָט ער אַרויפגעשיקט פאַרן קינד אַ מתנה. פון ווען אָן ביסטו דאָס געוואָרן אַזוי פרום?... — האָט ער זיך צוגערוקט צו אים — קום, וועסטו זיך אַרומוואַשן.

חיים האָט זיך פון אים אָפּגערוקט מיט פאַראַכטונג:

— פאַררעד מיר נישט די ציין מיט קיין פוטער!... וואָס האָט דאָס צו טון מיט אַ ניטלבוים? האָסטו נישט געקענט זאָגן, אַז דו ביסט אַ ייד און אַ יידן דאַרף מען אַזעלכע מתנות נישט שיקן? — האָט ער אים דורכגעשפּיזלט.

— כ׳וועל דיר זאָגן דעם ריינעם אמת, חיים, —האָט דער ברודער מיט אָנקומענדיקן ברוגז דערווידערט — איך האָב גאָרנישט צו יעזוסן... אין מיינע אויגן איז ער געווען אַ גרויסער מאַן און אַ גוטער ייד! איבעריקנס, איך בין שוין נישט קיין קינד און דאַרף קיינעם נישט אָפּגעבן קיין חשבונות! — האָט ער זיך אָפּגעקערט פונעם ברודער.

די שוועגערין האָט זיך פּלוצלינג צעכליפּעט:

— ווען נאָר דער שוואָגער קומט צו אונדז אויף אַ טאָג — דאַרפן מיר נאָר שטענדיק זיך פאַרענטפערן, און קיינמאָל טוען מיר נישט גוט אין שוואָגערס אויגן... בעסער וואָלט שוין געווען, ווען די דייטשן וואָלטן אונדז פאַרברענט! — וואָלט איר נישט געהאַט צו וועמען האָבן קיין טענות און פּרעטענזיעס! — האָבן גרויסע טרערן איר אַראָפּגעקאַפּעט איבערן פּנים.

חיים, נאָך אַלץ מיט זיין וואַליזקעלע אין די הענט, האָט שוין נישט געענטפערט. ער האָט זיך געלאָזט גיין האַסטיק צו די טרעפּ און ווען ער איז שוין געשטאַנען אויפן ערשטן טרעפּל, האָט ער אומגעדרייט דעם קאָפּ און אַ רוף געטון דאָס קינד:

— זאַשקאַ, זאַשקאַ, מיידעלע, קום נאָר אַהער צו מיר! — האָט ער אויף שנעל אויפגעמאַכט דאָס וואַליזקעלע און אַרויסגענומען אַ פּעקעלע.

— זאַשקאַ, קינד, הערסט נישט אַז דער פעטער רופט דיך? — האָט ער גערופן מיט אַ געפּאַלן, שטיל און פאַרשעמט קול.

קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. חיים האָט אָפּגעוואַרט אַ ווײַלע.

פונעם עס־צימער האָט זיך געהערט אַ שושקעריי און אַן אַמפּערניש. חיים האָט איבערגעלאָזט דאָס פּעקעלע צוזאַמען מיטן וואַליזקעלע אויף די טרעפּ, אַראָפּגענידערט שנעל און אַרויס אויף דער טונקל באַלויכטענער, פּוסטער גאַס.

חיים האָט גענומען שנעל שפּרייזן, ווי שדים וואָלטן אים אונטער־געשטופּט, און איז אַוועק צום נאָענטן ים־ברעג. ער האָט איבערגעקרייצט דעם ברייטן אַספּאַלטירטן שאָסיי און זיך פאַרנומען מיט דער „ראַמבלאַ". ער איז צוגעגאַנגען צום שטיין־געלענדער, זיך אָנגעשפּאַרט און געקוקט אין אים אַריין.

אַרום אים און ווייט אַרום, האָט געוויייעט מיט פּוסטקייט און איינ־זאַמקייט. פון ים אַרויס האָבן אַרויסגעשווינדלט פייערלעך, אויפגעלויכטן און אויסגעלאָשן. די כוואַליעס האָבן אומאויפהערלעך געוואָרפן זיך צום ברעג און געפּאַטשט אויף דער שטיינערנער וואַנט און אויפגערודערט די טויטע שטילקייט. פון גאָר ווייט האָט זיך דערטראָגן דאָס זשומען פון אַן אויטאָבוס. אַן אויטאָמאָביל מיט אויסגעלאָשענע לאַמטערן האָט דורכגעיאָגט. ערגעץ האָבן זיך צעקלונגען קירכן־גלעקער.

חיים האָט אַריינגערויכערט אים חושך אַריין. איבער אים האָט דער הימל זיך פאַרצויגן מיט געדיכטע כמאַרעס. אַ נעפּל האָט אָנגעהויבן אויסדעמפּן פון די וואַסערן אַרויס. דער ברעג האָט זיך אָנגעהויבן לעשן און איינטונקלען. חיים האָט זיך צעברומט ווי אַ קראַנקע חיה. שטיקער פאַרגאַנגען לעבן האָט זיך פון אים אויסגעדעמפּט און אויסגעמישט מיטן נעפּל. ווי לאַנג איז ערשט, ווי חיים האָט זיך געוויגט אויף די כוואַליעס פונעם ים, ווען ער האָט פאַרלאָזט זיין היים? און דאָרט? — דאָרט אינעם נעפּל, אַראָפּצוצו, ליגט אַ צעלייגטע זיין שטאָט בוענאָס־איירעס, אין וועלכער ער האָט שוין אויסגעלעבט אַ פּאָר צענדליק יאָר. דאָרטן, אין דער גרויסער שטאָט, וואָס איז גרויס ווי אַ גאַנץ לאַנד, פּאָרט איצט אַרום זיין שותף העקטאָר מיטן קאָטש. אַך, ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער וואָלט שוין געקענט כאַפּן דעם הידראָ־אַוויאָן און צוריק אַוועק־פליען דאָרטן אַהין! ס'איז שוין שפּעט און מען וועט דאַרפן איבערוואַרטן ביז אין דער פרי. דאָרטן, אינעם נעפּל ליגט דאָס ביסל אָפּגעשפּאָרט לעבן. און דאָרטן, אין מזרח־זייט, זענען אַלע אומגעקומען! ערגעץ, נישט ווייט, איז פאַראַן אַ מאָניעק, אַ העלענאַ, אַ זאָשקאַ... וווּ איז אַהינגעקומען

דער קליינער משהלע, וואָס האָט מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען ער האָט זיך מיט אַלע געזעגנט אויפן ווינער וואָקזאַל, האָט זיך משהלע אָנ־געהאָנגען ביים עלצטן ברודער אויפן האַלדז און אים אַריינגעשריגן אין רעכטן אויער: „זאָלסט נישט פאַרגעסן אין דער מאַמעשי! זאָלסט אלע וואָך שרייבן אַ בריוועלע! זאָלסט דאַווענען אַלע טאָג! אַזוי האָט די מאַמעשי גע־הייסן זאָל יאָך דיר אַריינשרייען אין די אויערן אַריין...״ און איצט? איצט שטייט אַ ניטלבוים אין אַ שטוב און אַ קליין מיידעלע זאָשקאַ, וואָס הייסט נאָך זיין מאַמען זעלדע, די זעלדע וואָס איז פאַרפייניקט, צעשטויבט און צעפּיצלט געוואָרן אינעם געטאָ פון וואַרשע... די זעלבע זעלדע, וואָס איז אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען מיט זעקס מיליאָן יידן פון די רוצחים, וואָס האָבן געגלויבט און גלויבן נאָך, אַז אַ געקרייציקטער ייד איז זייער גאָט — שטייט איצט דאָס אומשולדיקע קינד, זעלדעס אייניקל, נעבן אַ ניטלבוים און סמאָקעט מיט די אומשולדיקע ריינע ליפּעלעך: צודאָווניע...

פונעם ים יוירט אַרויס דער געלבלעכער, גאָלדיקער נעפּל. פון טיפע אָפּגרונטן אָטעמען אַרויס די כוואַליעס מיטן געזאַלצענעם אָטעם אויפן ברעג, צו דער ערד; אויסגעדעמפּטע כוואַליעס וואַלקענען אַרויף אין דער הויך, שוועבן צום הימל און זוכן די פאַרשווונדענע שטערן און די לבנה. פון נעפּל אַרויס, פון דער פינצטערניש אַרויס, טראָגן זיך קולות פון מחנות אָנגעפלויגענע מעוועס, שלאָפלאָזע אין נעפּלדיקע נעכט, יאָגן זיי זיך אַנטקעגן צום ווייטן פאַרטאָג, וואָס וועט מוזן קומען... קרייזלען זיי, זוכן דעם פרימאָרגן אין די נעפּלען.

די פינצטערניש און דער נעפּל, אויסגעמישטע, איז פול מיט געבראַזג פון כוואַליעס און שליימיקן שוים. גלעקער קלינגען אויף פון אַלע זייטן. אַ שיפס־סירענע צעוואָיעט זיך מיט אימה, זוכט אַ זיכערן וועג צווישן נעפּל.

חיים שפּאַנט לענג אויס דעם אומענדלעכן שטייניקן געלענדער, ווי אַ בלינד געוואָרענער פון צער, אַ בלינד געוואָרענער פונעם חושך, אַ בלינד געוואָרענער פון איינזאַמקייט, ווי ער וואָלט געשטאַנען איינער אַליין, אַן איינציק איבערגעבליבענער מענטש אין אַן אויסגעשטאָרבענער וועלט. די איינזאַמקייט טוט אים ווי, נאָר שרעקט אים נישט. ערגעץ, אין אַ חלום, האָט ער זיך שוין אַמאָל געזעען אַזוי עלנט און איינזאַם... אין יענעם חלום האָט ער געוואָלט שרייען, אויסרעווען זיך אַזוי, ווי ער פלעגט

דאָס אָפּט טון, ווען ער איז געווען אַ קליינער, און פלעגט אַמאָל בלייבן אַליין אין שטוב; איצט, צום ערשטן מאָל אין זיין לעבן צייט ער איז גרויס געוואָרן, שטייט ער איצט אויף אַן אָרט ווו ס'איז קיינער נישטאָ, און וועט זיך קענען אויסשרייען פאַר אַלע יאָרן, וואָס ער האָט נישט געהאַט ווו אויסצושרייען זיך...

חיים צעשפּרייט די הענט ווי אַ פויגל די פליגל און שרייט אַריין אין דעם חושך, אינעם ים, אינעם נעפּל אַריין:

— מאַמעשי! מאַ־מע־שי! — שרייט ער ווי מיט צענדליקער יאָרן צוריק, ווען ער איז געבליבן אַליין אין דער גרויסער, אָרעמער שטוב.

פונעם נעפּל, פון די צעשוימטע כוואַליעס קומט צוריק צעשוועבן זיין קול מיט ווידערקולות:

מ־אַ־מ־ע־ש־י!

פון חיימס פּנים רינען ריטשקעס שוויס. חיים באָדט זיך אינעם נעפּל מיט אַן איבערגעשריגענער, הייזעריקער קעל; ער האָט זיך גאָרנישט געגלויבט, אַז ער קען אַזוי הויך שרייען, און אַז זיין קול וועט זיך טראָגן אין די ווייטן אַריין אַזוי הילכיק... מאָרגן וועט ער שוין זיין צוריק אין בוענאָס־איירעס. ער וועט נאָך אַריינטרובען מיט זיין אויטאָ־טרובע אין דער וועלט אַריין, זאָל די וועלט וויסן!

דער גלאָקן געקלאַנג האָט זיך איינגעשטילט. דאָס געוואָי פון דער שיף וואָס האָט געזוכט אַ וועג אינעם נעפּל, איז אַנטשטומט געוואָרן. בלויז חיים האָט נאָך אַריינגעוואָיעט אין נעפּל אַריין, געריסן דעם הייזע־ריק געוואָרענעם גאָרגל און אויסגעלאָדן פון זיך דאָס לעצטע ביסל בענקשאַפט און ליבשאַפט, געוואָרפן דאָס צו די נעפּלען...

# חנהלע

דריי נעכט דורכאַנאַנד, האָט ביי דאָן סאַלאָמאָן אין הויז, אין לוקסוס־אַרטיקן דעפּאַרטאַמענט אויפן אַכטן שטאָק, אַרויסגעלויכטן ליכט פון אַ פענצטער, און —

— און אין די דריי נעכט, צוזאַמען מיט די טעג, צוזאַמען מיט די אָפּגעלאָפענע שעהען, איז דער אַלטער און אָפּגעהיטענער פאַמיליע־אַלבום, דער אַלבום, וואָס איז אין ברוינעם לעדער געבונדן, מיט די אויסגע־שטיכטע רויזן פון קאַרמין קאָליר אויפן איינבונד — אויסגעפּלעקט און פאַרגעלט געוואָרן; דאָס האָט חנהלע, פון טויזנטער און טויזנטער חנהס, אָן איינציק געבליבענע... אַ נאַר וואָס, מיט אַ שיף אָנגעקומענע חנה, אַריינגעוויינט אין אַלבום אַריין, אַריינגעטאָמערט אין די פאָטאָגראַפיעס אַריין, אַריינגעהעשעט מיט רויט־געוואָרענע, ווי אונטערגעשלאָגענע אויגן און אַ פאַרשוואָלענער נאָז, האָט זי טרייסטלאָז געזופט איר יאָמער און אַריינגערעדט אין די פאָטאָגראַפיעס אַריין:

— איך האָב דאָך געקענט בלייבן מיט אייך... מיט אייך... פאַרוואָס בין איך נישט געבליבן מיט אייך?... — האָט זי זיך אבלדיק געשאָקלט און געוויגט אין איר צער.

פונעם אַלבום אַרויס, פון די פאָטאָגראַפיעס אַרויס, האָט אַרויסגעקוקט אַן אומגעבראַכטע, אַ געשענדעטע, אַ פאַרברענטע און פאַרטיליקטע וועלט: עס האָבן צו חנהלען אַרויסגעבליקט, ווי לעבעדיקע, טאַטע און מאַמע, שוועסטער און ברידער, שוועגערינס, שוואָגערס, פּלימעניקלעך, פעטערס און מומעס... און צווישן אַלע פאָטאָגראַפיעס איז פאַראַן איינע, פון איר, פון חנהלען אַליין; זי שטייט מיט איר חתן יואל... אָט שטייט ער

נעבן איר ווי אַ לעבעדיקער מיט דער שיינער, צעשויבערטער טשופּרינע, און האַלט אַ האַנט אויף איר אַקסל! ווען די דייטשע רוצחים זענען אַריין קיין וואַרשע, איז יואל געוואָרן פון די ערשטע קרבנות:

די דייטשן האָבן אים געכאַפּט אויף דער גאַס, צוזאַמען מיט נאָך הונדערטער יידן; ווי אַ היצעל כאַפּט הינט, אַזוי האָט מען געכאַפּט יואלן מיט די אַנדערע יידן... מען האָט זיי אַלע אַוועקגעפירט צו די הינטערשטאָטישע באַן־דעפּאָזיטן, וואָס האָבן נאָך געטליעט פון די באָמבאַרדירונגען, פון די שרפהס, ווען די דייטשן האָבן צעשמעטערט וואַרשע; דאָרטן, האָט מען אַלע געצוווּנגען, אַז זיי זאָלן זיך אויסטון די שיך און מיט די באָרוועס־נאַקעטע פיס — האָבן זיי געמוזט לעשן און פאַרטרעטן דאָס טליענדיקע ברוכוואַרג! אין פינף טעג אַרום איז דער חתן, יואל, צוריקגעקומען מיט בראַנדיקע פאַרברענטע פיס, מיט אַן אויסגעהאַקט אויסגערונען אויג, און מיט אַן אָפּגעגאָלטן, געשענדעטן קאָפּ! יואל איז אַריינגעלאָפן צו איר, אין זייער אָרעמער שטוב... ער איז צוגעלאָפן צו זיין כלה, אַוועקגעפאַלן צו אירע פיס, ווי אַ געפּייניקטע, פאַרפאָלגטע חיה... ער האָט זי אַרומגעקלאַמערט מיט זיינע צעוווּנדיקטע הענט און געצאַפּלט מיט טויט־אַנגסטן:

— „חנהלע, קוק נאָר צו מיין בראָד! קוק נאָר צו צו מיין אומגליק! זע, חנה, וואָס מען האָט מיר געטון! לאָז מיך מער נישט איבער אַליין...“

ס'איז שוין נישט געווען דער אמאָליקער יואל: ס'איז געווען אַ קראַנק, פאַרמאַטערט און פאַרפּייניקט קינד... ווען זי, חנה, וואָלט יואלן דעמאָלט באַגעגנט אין גאַס, וואָלט זי אים נישט דערקענט! אפילו דאָס קול זיינס איז שוין נישט געווען ווי פון אים... אָבער, אַביסל מזל האָט נאָך יואל פאָרט געהאַט. ער איז אויסגעגאַנגען ווי אַ קראַנקער פויגל. יואל איז נאָך באַערדיקט געוואָרן אין אַ קבר איינער אַליין און זיין אַלטער טאַטע האָט נאָך געזאָגט קדיש נאָכן איינציקן זון...

און זי, חנה, איז איבערגעבליבן און האָט אַלעמען איבערגעלעבט. זי האָט זיך אפילו געריכט צו שטאַרבן פריער פאַר אַלע, און דאָך, איז זי איינע אַליין געבליבן. פיר יאָר האָט זי מיט זיך געטראָגן אַ פלעשעלע מיט סם. זי האָט געהאַט באַשלאָסן בעסער צו שטאַרבן, איידער פאָרן, דאָרט קיין טרעבלינקע אָדער קיין אוישוויץ... אַ סך מאָל האָט זי שוין געהאַלטן דאָס געעפנטע פלעשעלע ביי די ליפּן און אַלעמאָל האָט פּאַסירט

אַ נס! און אַזוי, בלויז מיטן פלעשעלע סם איז זי אָנגעקומען אין וואַלד אַריין, צו די פּאַרטיזאַנער... אין וואַלד האָט מען איר אויסגעלערנט ווי אַזוי אומצוגיין מיט דינאַמיט, מיט מינעס; קיינער האָט זיך נישט געקענט אַזוי גוט פאַרשטעלן פאַר אַן אַלטע פּויערטע ווי חנה! און חנה האָט אַ סך צוגן מיט דייטשן אַראָפּגעיאָגט פון די שינעס! אויפגעריסן אין די לופטן! און אַלעמאָל, ווען זי האָט אונטערגעמינעוועט אַ באַן־ליניע — האָט זי זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד, נישט ווייט פון די מינעס, און זיך איינגעהערט צום אָניאָגן פונעם צוג... די צוגן פלעגן דאָך לויפן שנעל, ווי טייוואָלים וואָלטן זיי געטריבן — נאָר אין אַזעלכע רגעס, פלעגט זיך איר אויסווייזן, אַז דער לאָקאָמאָטיוו רירט זיך קוים, ווי אַ טשערעפּאַכע; זי, חנהלע, פלעגט זיך איינבייסן די פינגער, אַז בלוט פלעגט פון זיי רינען, און — און אַז פון דער ערד פלעגט אַרויסקנאַלן אַ שוידערלעכער דונער, פלעגט זי אַרויסכאַפּן דאָס פלעשעלע פון בוזים און עס אַ קוש טון! דערנאָך פלעגט זי זיך אַליין אַ קוש טון אין דער האַנט אַריין. זי פלעגט קושן די אייגענע הענט, וואָס האָבן אָפּגעצאָלט די דייטשן, פאַרן טאַטן, פאַר דער מאַמען, פאַר יואלן, פאַר אַלע... פאַר אַלע יידן וואָס די דייטשן האָבן אומגעבראַכט! און אַז זי איז בשלום צוריקגעקומען אין וואַלד אַריין, האָבן איר די פּאַרטיזאַנער אַרומגעכאַפּט און געקושט. מען האָט איר מכבד געווען מיט אַ ציגאַרעט און געגעבן אויסצוטרינקען אַביסל ריינעם ספּירט... און איצט?

און איצט, היינט, איז אַלץ געענדיקט. ביים קבר פון די געפאַלענע העלדן פונעם וואַרשעווער געטאָ, האָט דער פאָרשטייער פון דער פּוילישער רעגירונג, איר אָנגעטון אויף דער ברוסט, אַ באַגילדעטן מעדאַל; דער מעדאַל ליגט אין דער וואַליזע צוזאַמען מיט אַ פאָטאָגראַפיע, וואָס איז געווארן פאַרעפנטלעכט אין אַלע פּוילישע צייטונגען און זשורנאַלן. אָבער זי, חנהלע, האָט מער נישט געוואָלט און מער נישט געקענט בלייבן אויף פּוילנס ערד... זי זאָל בלייבן אויף דער ערד, וואָס האָט אין זיך איינגעזאַפּט אַזוי פיל יידיש בלוט?! חנהלע איז אַוועקגעפאָרן צו דער איינציקער שוועסטער, וואָס איז איר פאַרבליבן אינעם ווייטן אַרגענטינע. און דאָ, אין בוענאָס־איירעס, האָט זי צוריקגעפונען די גאַנצע משפחה! זיי קוקן אַרויס פונעם אַלבום און שמייכלען צו איר און פרייען זיך מיט זייער חנהלע, ווי גאַרנישט וואָלט פאָרגעקומען...

חנהלע האָט צוגעדריקט דעם אַלבום צום האַרצן און אָפּגעדעקט פון זיך דאָס שניי־ווייסע ליילעך, איז זי געבליבן ליגן אויפן בעטל אָן אויס־געשעפּטע, אָן כוחות. זי האָט אפילו נישט באַמערקט, אַז ס'איז שוין פון לאַנג טאָג געוואָרן, אַז דורכן באַלקאָן־פענצטער, דורך די וואָל־גאַרדינען, האָט שוין דורכגעשיינט אַ ליכטיק־גאָלדענע זון, אַז אַ קלאָר, בלויער הימל האָט אַריינגעשפּיגלט. זי איז געליגן אין בלויזן נאַכט העמדל, און מיט איר קליינעם קלאָר־ווייסן קערפּער מיטן קעפּל בלאָנדע, גע־קרויזלטע לאָקן, האָט זי אויסגעזען ווי אַ קראַנק מיידעלע, אַ קינד, אַ קראַנק אָפּגעדעקט קינד.

און הינטער דער פאַרמאַכטער טיר פונעם שלאָפצימערל, ווו עס ציט זיך אַוועק אַ קאָרידאָרל און עס הויבן זיך אָן די שפּיגלדיקע, לוסטרירטע צימערן פון דאָן סאַלאָמאָנס הויז, אַ הויז וואָס איז פול מיט געבלומטע מעבל פון צעדער־האָלץ, אינעם סטיל פון לואי דעם פערצנטן — און איז נאָך אָנגעשטעלט מיט טאָפּעצירטע פאָטעלן, אויסגעבעטע מיט ראָזעווען בראָקאַט, מיט כינעזישע וואַזאָנען און קרישטאָלענע שפּיגלען; און די פּאָלן זענען באַלייגט מיט פּערסישע טעפּיכער — אין די זעלבע צימערן גייט אום חנהס עלטערע שוועסטער, דאָניאַ בערטאַ, אַ הויכע, אַ רונדיקע, זעט זי אויס ווי זי וואָלט געווען חנהלעס מאַמע, — גייט זי אום אַ צע־שויבערטע און רייסט זיך די קאַרבירטע, גרוילעכע לאָקן:

— וואָס טוט מען? וואָס זאָל איך טון? ביז איך האָב שוין דערלעבט צו האָבן מיין שוועסטערל ביי מיר אין שטוב, אונטער מיין דאַך... וואָס טוט מען? — האָט זי געביסן די ליפּן.

— מען טוט גאָרנישט! מען דאַרף גאָרנישט טון! זי וועט זיך אויס־וויינען. לאָז איר דאָרטן, טשעפּע זי נישט... — האָט דאָן סאַלאָמאָן, דער מאַן, דער אייגנטימער פון אַ גרויסער העמדער פאַבריק, באַזאַכט געענט־פערט און זיך אויסגעבונדן דעם קראַוואַט אַנטקעגן דעם גרויסן קאַמאָד־שפּיגל, האָט ער זיך אָנגעקוקט פון דער ווייטן אין זיין גאַנצער הויך, און זיך געקנייטשט מיט אַ זויער פּנים, ווייל עס איז אים קיינמאָל נישט געפעלן געווען זיין אייגן פּנים מיט זיין פאַרשנאָבלטער נאָז; ס'זענען אים נישט ליב געווען זיינע איינגעביסענע ליפּן און די פאַרקנייטשטע אויערן לעפּלעך, האָט ער אייביק אויף זיך געהאַט אַ מינע, ווי ער וואָלט זיך

געקליבן וואָס איינצובייסן — האָט ער זיך אין דעם זונטיק־פרימאָרגן געגרייט אַוועקצוגיין.

— גייסט טאַקע אַוועק? — האָט דאָס ווייב זיך געברוגזט — אפילו היינט גייסטו אַוועק? און ווען דו וואָלסט איין זונטיק נישט געגאנגען אין קאַפע אַריין, וואָלט די וועלט אונטערגעגאַנגען? פאַרברענט זאָל שוין אַמאָל ווערן דיין קאַפע מיטן שאַך צוזאַמען! — שעלט זי מיט ביטערניש.

— הער שוין אויף מיט דיינע קללות!... — באַטאַפּט זיך דער מאַן דאָס רעקל און הויבט אָן קלינגען מיט די שליסעלעך פונעם אויטאָ — איך האָב שוין דיינע קללות דאָ! — גיט ער זיך אַ טאַפּ אין גאָרגל קנאַפּ — וועסט מיך נישט איינמאַרענירן אין שטוב! — לאָזט ער זיך אַרויסגיין צום קאָרידאָר.

— זאָלסט כאָטש קומען אין צייט, צום מיטאָג, מען זאָל צו דיר נישט דאַרפן שיקן אַ שליח! — שרייט דאָס ווייב נאָך אַ רעזיגנירטע.

דאָן סאַלאָמאָן הערט שוין נישט. ער שטייט שוין פון יענער זייט טיר, אינעם פּאַראַדנעם פּאָיע־קאָרידאָר מיט די שוואַרצע, פּערלמוטערדיקע מאַרמאָר ווענט און מאַרמאָר טרעפּן — גייט ער צו ביז צו דער טיר פון דער ווינדע און גיט אַ קוועטש אינעם אַסענסאָר־קנעפּל; און אַז דאָס רויטע לעמפּעלע נעבן קנעפּל צינדט זיך נישט אָן, ווערט דאָן סאַלאָמאָן אויפגעקאָכט, הויבט ער אָן נערוועאיש צו קלאַפּן אין דער געשניצטער ווינדע־טיר, און שרייט אַראָפּ צו די אונטערשטע אַכט שטאָק פון זיין אייגן, אַכט־שטאָקיק הויז:

— לאַ פּוערטאַ! די טיר! פאַרמאַכן די טיר! טייוואָלים! — טופּעט ער מיט אַ פוס.

ער וואַרט אָפּ אַ ווײַלע. ענדלעך צינדט זיך אָן דאָס רויטע לעמפּעלע נעבן קנאָפּ. דער מאָטאָר פון דער ווינדע הויבט אָן זשומען און רוישן. באַלד צערוקט ער די טיר און נידערט אַראָפּ צו דער גאַס.

אַז דאָן סאַלאָמאָן רוקט צוריק אויף די טיר, וואַרט שוין ביים אַריינגאַנג אַן עלטערע פרוי, אַ געהויקערטע, אַ ברייט פלייציקע, מיט גוידערלעך אַרום אַ קליין גאָמבעלע, מיט פאַלדן און קנייטשן אין פנים און גוטע, פייכטע אויגן. אַז זי דערזעט דעם דאָן סאַלאָמאָן בויגט זי אָן נידעריק דעם גרויען קאָפּ; דאָן סאַלאָמאָן צעשמייכלט זיך ראַפּטום און העלפט איר איינשטייגן אין דער ווינדע אַריין:

— אַ גוט מאָרגן אייך, לאהלע, בוען דיאַ. וואָס עפּעס אַזוי שפּעט? — איז מער נישט געבליבן קיין שפּור פון כעס אין זיין פּנים.

— אַ גוט מאָרגן, סעניאָר, בוען דיאַ. — ענטפערט די זקנה און פאַרגלאָצט מיט די אויגן — כ'האָב היינט פאַרשפּעטיקט. די פּאָר קוואָד־רעס וואָס איך האָב צוצוגיין ביז אַהער, ציען זיך ביי מיר ווי ס'גלות! אַמאָל, אַז איך האָב געקענט נעמען דעם טראַמווי, האָט דער וועג ביי מיר געדויערט אַ פּאָר מינוט; היינט אָבער קען איך שוין אויפן טראַמווי נישט אַרויפקריכן. כ'וואָלט כאָטש באַדאַרפט האָבן עמיצן, וואָס זאָל מיך אַרויפ־טראָגן און אַראָפּטראָגן פונעם טראַמווי... אייער סעניאָראַ וועט נישט זיין בייז אויף מיר? — פאָרשט די אַלטע ביי דאָן סאַלאָמאָן און קוקט אים טיף אין די אויגן אַריין.

— רעדט נישט קיין נאַרישקייטן, לאהלע! — ווערט דאָן סאַלאָמאָן ערנסט — מיין ווייב האָט אייך אַמאָל שוין געזאָגט עפּעס? — פאַרוקט ער די ערשטע טיר פון דער ווינדע — זי וועט אייך, חס־וחלילה, גאָרנישט זאָגן. זי ווייסט אַליין, אַז איר גייט קוים אַ פּאָר טריט.

—גאָט באַהיט! גאָט זאָל איר נאָר געבן אַ סך געזונט! — ווינטשט די אַלטע מיטן גאַנצן האַרץ.

— מאַכט מיר עפּעס אַ פיינעם מיטיק. אַזוי! — גיט זיך דאָן סאַלאָ־מאָן אַ דריי מיט צוויי פינגער נעבן דער אויבערשטער ליפּ, ווי עמיצער וואָס פאַרדרייט זיך אַ שפּיץ פון אַ וואָנצע — גרייט צו עפּעס אַזוינס און אַזעלכעס! — גיט ער אַ ממזרישן ווונק מיט אַן אויג און פאַרמאַכט די צווייטע טיר פון דער ווינדע.

— קומט פרי אויף מיטאָג. פאַרשאַפט נישט דער סעניאָראַ קיין עגמת נפש — וועט שוין גוט זיין... — צעשמייכלט זיך די אַלטע מיט מאַמי־שער געטריישאַפט, גיט זי אַ קוועטש דאָס ווינדע־קנעפּל פון אינעווייניק.

די ווינדע גיט זיך אַ ריס אין דער הויך און די אַלטע לאהלע שטייגט אַרויף אויפן אַכטן שטאָק. זי, לאהלע, איז די קעכן ביי דער דאָניאַ בערטאַ שוין היפּשע עטלעכע יאָר. אַמאָל, מיט יאָרן צוריק, איז זי געקומען צו אַ זון, דעם איינציקן זון; באַלד, אין אַ חודש אַרום ווי זי איז אָנגע־קומען אין לאַנד אַריין, איז זי אַוועק וווינען אַליין. אַליין איז די נשמה ריין... די שנור האָט מיט דער שוויגער נישט געקענט הויזן... לאהלע האָט זיך אַן עצה געגעבן אָנעם זון און אָן דער שנור. זי האָט געקאָכט

אַביסל געקעכץ פאַר אַ פּאָר יידן, וואָס האָבן געוואָלט עסן כשר. אַזוי האָט זי פאַרדינט איר ביסל חיונה און די פּאָר פּעזעס אויפן דירה־געלט. די יאָרן זענען אַוועק, אַוועק... מיטן זון, אַ מאַליאַר איז ער דעמאָלט געווען, האָט אָנגעהויבן טרעפן איין אומגליק נאָכן אַנדערן: צום ערשטן איז אים געשטאָרבן אַ טאָכטער, אַ כלה־מיידל, ווי אַ שיינע רויז... מיט אַ יאָר שפּע־טער איז דער זון אַראָפּגעפאַלן פון אַ לייטער און צעבראָכן אַ פוס. פון דעמאָלט אָן, האָט ער שוין ביים פּאַך, ביי דער מאַליאַרקע, נישט געקענט מער אַרבעטן. די פרוי זיינע, די שנור, נעמט אַרויס קראַוואַטן צום נייען. די קינדער, צוויי יינגלעך, לערנען און אַרבעטן, ווילן זיך דערשלאָגן צו אַ תכלית... און זי, די אַלטע לאהלע, וויל נישט אַריינגיין אין אַ מושב זקנים! ווי לאַנג גאָט וועט נאָך געבן אַביסל כוח, וועט זי בעסער אַרבעטן ביי די מענטשן. און אַז דער אויבערשטער וועט העלפן, ווען ס׳וועט קומען די צייט — וועט זי כאָטש האָבן די זכיה צו שטאַרבן אויפן אייגענעם בעט... און דערווייל דאַרף זי נאָך, אַ דאַנק זיין ליבן נאָמען, צו קיינעם נישט אָנקומען. אדרבה, אויף וויפל זי איז נאָר בכוח, טראָגט זי נאָך עפּעס אַריין אין שטוב אַריין צום זון. זי גייט קיינמאָל נישט אַהין מיט די ליידיקע הענט. און אַ סך מאָל, ס׳זאָל נישט זיין אויסגערעדט, גיט זי צושטייער אָדער קויפט אַ בוך פאַר די אייניקלעך, פאַר די סטודענטן, זיי זאָלן האָבן מיט וואָס צום לערנען.

די ווינדע איז שטיין געבליבן. די אַלטע לאהלע גייט אַרויס און פאַר־מאַכט די טירן. באַלד גיט זי אַ קלונג אין דער טיר און וואַרט אויס אַ ווײַלע. זי שפּאַרט זיך דערווייל אָן אין דער מאַרמאָרנער וואַנט און גיט אַ זיפץ: גאָט האָט אַזוי פיל יידן אין אַרגענטינע געהאָלפן, אויפגעריכט זיי מיט עשירות, און איר זון, נעבעך, האָט אַזוי פיל אומגליקן געטראָפן. פון קיין גוטן טאָג, קיינמאָל, ביז איצט, נישט געוווסט... אוי, גאָט, גאָטע־ניו... זיפצט די זקנה.

די טיר מאַכט זיך אויף, און די באַלעבאָסטע, דאָניאַ בערטאַ, שטעקט אַרויס דעם צעשויבערטן קאָפּ.

— אָ, לאהלע, דאָס זענט איר? איך האָב געמיינט אַז איר וועט שוין היינט נישט קומען... כ׳האָב שוין וועגן אייך איבערגעטראַכט, געהאַט עגמת נפש אַז מסתמא קענט איר נישט קומען. — האָט זי ברייט צע־עפנט די טיר.

— אָט בין איך דאָך דאָ. — שמייכלט לאהלע אונטערטעניק — גוט מאָרגן סעניאָראַ. קוים וואָס די פיס רירן זיך מיר. אַז כ׳דאַרף גיין די פּאָר טריט, פאַרשעלט איך מיר דאָס לעבן... — שאָקלט לאהלע מיטן קאָפּ.

— און איך פאַרשעלט מיר שוין אויך מיין לעבן! — צעוויינט זיך פלוצלינג די באַלעבאָסטע און צווייַ גרויסע טרערן בלייבן איר הענגען אויף די וויעס — פון צייט מיין שוועסטערל, חנהלע, איז אַראָפּ פון דער שיף — פאַרשעלט איך מיר מיינע טעג און מיינע יאָרן!... פון צייט זי איז אַראָפּ פון דער שיף, ליגט זי נאָר אויפן בעטל און וויינט אַריין אינעם אַלבום אַריין. אַז איך וועל נישט קריגן אַן אַפּאָפּלעקסיע — וועל איך זיין שטאַרקער ווי אייזן... — ווישט זיך די באַלעבאָסטע מיט די פינגער די אויגן.

— איך פאַרשטיי טאַקע גוט איר געפּייניקט האַרץ! וואָס דאָס אומגליקלעכע מיידל האָט שוין אויף איר לעבן איבערגעלעבט! איך פיל טאַקע איר פּיין... — טרעט די אַלטע איבער די שוועל און לאָזט זיך גיין צו דער קיך — איך גיי עפּעס מאַכן צום טרינקען פאַר אירעטוועגן. ס׳האַרץ קען איר שוין זיין גוט פאַרחלשט.

— איך טראַכט אַרויסצורופן אַ דאָקטער. זאָל מען איר עפּעס געבן צו באַרואיקן די נערוון. אָבער מיין מאַן האָט מיך געלאָזן אַליין און אַוועק שפּילן אין שאַך — אַז שפּילן זאָל אים שוין דאַרטן, דעם קאַלטן גזלן... — פאַרבייסט די באַלעבאָסטע מיט די ציין.

— הערט אויף. גאָט זאָל אָפּהיטן! אַ מענטש דאַרף נישט אַרויסלאָזן קיין שלעכט וואָרט פונעם מויל אַרויס... אָט, איך מאַך שוין עפּעס צום טרינקען — האָט זי אָנגעגאָסן אַ טשייניק וואַסער און אַרויפגעשטעלט אויף דער בלאַנקענדיקער עלעקטרישער קיך — וועל איך באַלד אַריינגיין צו אייער שוועסטערל. אפשר וועל איך קענען מיט אַ גוט וואָרט לייכטער מאַכן איר דאָס שוואַרצע געמיט. — שלינגט די אַלטע אַראָפּ אַביסל נישט אויסגעוויינטע טרערן — איר האָט אפשר געזען ווו ס׳איז מיין פאַרטעך? — פרעגט זי און ווייסט נישט מיט וואָס וועט זי קענען טרייסטן דאָס צעפּייניקטע, פאַריאָמערטע מיידל.

— כ׳זאָל אַזוי וויסן פון מיינע צרות. — קוקט זיך דאָניאַ בערטאַ אַרום און זוכט מיט די בליקן — גייט דערווייל אַריין צו איר, צו חנהלען.

איך וועל שוין דערוויייל אויסזוכן אייער פּאָרטעך. — ווייזט זי איר מיט דער האַנט צו די צימערן.

די אַלטע לאהלע גייט מיט שטילע טריט, ווי אַ קראַנקער זאָל זיין אין שטוב, צום צימער ווו חנהלע געפינט זיך. זי קלאַפּט אָן אין דער טיר. ווישט זיך אויס בשעת מעשה די אויגן, וואַרט אָפּ אַ ווײַלע, און אַז זי הערט נישט פון אינעווייניק קיין שאָרך, מאַכט זי פּאַמעלעך אויף די טיר און שטעקט אַריין מיט מורא דעם גרויען קאָפּ.

— ווער איז דאָרט? וואָס ווילן זי? — האָט זיך חנהלע אַ צאַפּל געטון און זיך שנעל פאַרדעקט מיטן ליילעך און פאַרמאַכט דעם אַלבום — וואָס האָבן זי געוואָלט? — פרעגט חנהלע דער אַלטער פרוי מיט איר וואַרשעווער אויסשפּראַך און קוקט זי אָן מיט די אויסגעוויינטע, רויטע אויגן.

— איך בין אַריינגעקומען אייך זאָגן גוט מאָרגן. איך בין דאָ די קעכן, לאהלע, איר ווייסט דאָך שוין. — זאָגט די אַלטע אין פאַרלעגנהייט און ציטערט מיט די אָדערדיקע, אויסגעהאָרעוועטע הענט — איך האָב אייך טאַקע, חנהלע, געוואָלט זאָגן אַ פּאָר ווערטער... — וואַגט נישט די אַלטע זיך אַ ריר צו טון פון דער שוועל.

— קומען זי אַהער אַביסל נענטער, דאָ, אויפן בעט זעצן זי זיך אַוועק, — פּאַטש חנהלע אין ליילעך אַריין — דאָ, אָ! — ווייזט זי איר אויפן ראַנד פון בעטל.

די אַלטע לאהלע פאָלגט, ווי אַ קינד אַ מאַמע. זי גענענט פּאַמעלעך, זעצט זיך אַוועק אויפן ראַנד און פאַרבערעכט מיט די הענט — איר חנהלע רעדט דאָך נאָך פונקט אַזוי ווי מען האָט גערעדט אין וואַרשע... ווײַ איז צו מיינע יאָרן! — קנייפּט זי זיך שטיקער פונעם פּנים.

— זי זענען דען אויך פון וואַרשע? — פרעגט חנהלע מיט אומ־גלויבן — פון וועלכער גאַס זענען זי געוועזן?

— איך בין פון פּאַרן אייזערנעם טויער... ווי לאַנג איז שוין אַז איר זענט געוועזן אין וואַרשע, חנהלע? — גיט איר די אַלטע אַ גלעט אין אַ האַנט.

— שוין מער ווי פיר חדשים. — קוקט חנהלע מיט אַנקומענדיקער נאָענטקייט אין אַלטן פּנים אַריין — יאָ, וואָס האָבן זי מיך געוואָלט פרעגן?

— כ'האָב געוואָלט פרעגן וועגן יאַנאַשעס הויף... נאָך געבליבן שטיין דער באַזאַר? איך בין דאָרטן געבוירן געוואָרן... — ציטערן ביי דער אַלטער די מויל ווינקלען.

— ניין, ניין, נישטאָ מער קיין יאַנאַשעס הויף. — לאָזט חנהלע אַראָפּ דעם קאָפּ צום ליילעך.

— גרויסער גאָט אין הימל! — גיט לאהלע אַ פּאַטש מיט די הענט — און די האַלעס?

— נישטאָ מער קיין האַלעס. — ענטפערט חנהלע מיט אַ קאַלט קול.

— און די גנאַינע גאַס? און די קראָכמאַלנע גאַס? און די באַגנע גאַס? — קוקט איר לאהלע מיט שרעק און דערוואַרטונג אין מויל אַריין.

— פון גאַנץ וואַרשע איז געבליבן נישט מער ווי אַ באַרג מיט אַש... בלויז דער גענשער בית־עולם איז איבערגעבליבן! — ווערט ביי חנהלע הייזעריק דאָס קול.

— אַ דאַנק און אַ לויב זיין ליבן נאָמען כאָטש פאַר דעם... — ווישט זיך די אַלטע אויס די אויגן מיטן זוים פונעם קלייד — גאָט האָט כאָטש רחמנות געהאַט אויף די הייליקע קברים...

— אָבער גאָט האָט נישט קיין רחמנות געהאַט אויף די לעבעדיקע יידן. גאָט האָט אפילו נישט קיין רחמנות געהאַט אויף די פּיצעלעך קינ־דער. — האָט זיך חנהלע צוגעבויגן נענטער צו דער אַלטער פרוי און איר אַריינגעהויכט אין פּנים אַריין — גאָט האָט גאָרנישט געטון פאַר זיין פאָלק ישראל! ער האָט זיך אָפּגעקערט און אָפּגעווענדט פון זיי און האָט דערלאָזט מען זאָל זיי קוילען און פאַרברענען, מען זאָל פון זיי מאַכן זייף! און אפילו די אייגענע ברידער און שוועסטער פון דאַנען, — האָט זי אַ פינצטערן בליק געוואָרפן צו דער טיר — האָבן אויך גאָרנישט געטון און געזעסן מיט פאַרלייגטע הענט און נאָר אין זינען געהאַט צו ווערן וואָס רייכער... — האָט זי אריינגעטייטלט מיט אַ פינגער אין ליילעך אַריין.

— זאָל דער רבונו של עולם אָפּהיטן אייער מויל פון אַזעלכעגע ריידן! — האָט לאהלע אָנגעהויבן ציטערן און זיך פאַרשטעלט מיט די הענט די אויערן — יידן פון דאַנען האָבן געטון און טוען נאָך. די יידן פון דאַנען שענקען אַוועק, יאָר־איין, יאָר־אויס, מיליאָנען גאַנצע. מסתמא האָט מען גאָרנישט געקענט טון... אַלע טירן זענען געווען פאַרשלאָסן.

ס'איז געווען אַזאַ פינצטערער גזר פונעם הימל! חנהלע, קינד וואָס איר זענט, איר זינדיקט מיט אַזעלכענע רייד! — האָט איר לאהלע געדראָעט מיט אַ פינגער אין די אויגן אַריין.

— דעם אמת מעג מען זאָגן אפילו גאָט אַליין אין פּנים אַריין! — האָט חנהלע אַראָפּגעכאַפּט פונעם נאַכט־שענקעלע אַ פּאַפּיראָס און פאַר־רויכערט — אַז ביי אונדז אין שטוב איז אַמאָל געשטאָרבן אַ ברודערל, האָבן מיינע טאַטע־מאַמע זיך אַוועקגעזעצט שבעה; זיי האָבן זיך אַוועקגע־זעצט אין די זאָקן און זיך אָנגעשאָטן אַביסל אַש אויף די קעפּ און זיי האָבן אויסגערעכנט אַלץ וואָס זיי האָבן יאָ געטון און וואָס זיי האָבן נישט געטון, אָדער נישט געקענט טון; זיי האָבן אויסגערעכנט, וויפל זאַכן פון שטוב זיי האָבן פאַרזעצט אינעם לאָמבאַרד, און וויפל זיי זענען נאָך שול־דיק געבליבן אין אַפּטייק, און וויפל מען איז נאָך שולדיק דעם דאָקטאָר... און ערשט דערנאָך האָבן זיי פאַרבראָכן מיט די הענט: גאָט האָט אַזוי געוואָלט! — האָט זי אַרויסגעבלאָזן פונעם ניכטערן מויל רינגעלעך מיט בלויען רויך — אָבער דאָ? וויפל זענען די יידן שולדיק געבליבן די דאָק־טוירים? דאָ האָבן דאָך די יידן גאָרנישט אָנגעהויבן צו טון! און איצט, ברעכן זיי זיך אויף די הענט... — האָבן ביי חנהלען די אויגן זיך צע־פינקלט.

— ש־ש־ש... שטילער, רעדט נישט אַזוי הויך! — האָט לאהלע שנעל אַרויפגעלייגט די האַנט־פלאַכן צו חנהלען אויפן מויל און אויסגעדרייט מיט שרעק דעם קאָפּ צו דער טיר — אייער שוועסטער טאָר נישט הערן אַזעלכענע רייד. רעדט נישט אַזוי הויך, קרוינעלע! אייער שוועסטער דאַרף נישט הערן אַזוינע ווערטער... זי איז, נעבעך, אַ שוואַכע פרוי, אַ קראַנ־קע; זי ליידט מיטן האַרץ און מען טאָר איר נישט פאַרשאַפן קיין צער... — האָט די אַלטע אָנגעבויגן רעדן שטיל און סודותדיק — איך ווייס ווער אייער שוועסטער איז... איך אַליין ווייס, ווי אַזוי זיי האָבן זיך געפּלאָגט און געמאַטערט ביז גאָט האָט זיי געהאָלפן. און איצט? קיין קינדער זענען נישטאָ. איר זענט דאָך היינט זייער איינציק קינד! און אייער שוואָגער? צי איז דען שוין אַמאָל אַריין צו אים אַ מענטש אין פאַבריק אַריין, וואָס זאָל פון אים אַרויסגיין מיט די ליידיקע הענט? זאָלן מיר שוין קיינמאָל מער פון קיין צער נישט וויסן! — האָט זיך די אַלטע געשווירן — און איך אַליין? ווען נישט זיי — האָט זי געוויזן מיט אַ האַנט צו דער טיר —

וואַלט שוין אויף מיר פון לאַנג גראָז געוואַקסן! און טאַקיש צוליב אייער שוועסטער, און טאַקיש צוליב אייער שוואָגער — דאַרף איך נישט אַוועקגיין אין מושב זקנים אַריין... ווייל, ווער וואָלט זיך דאָס מרחם געווען אויף אַזאַ אויסגעהאָרעוועטע שקראַבע ווי איך בין? — איז דאָס קול ביי דער אַלטער אַראָפּגעפאַלן פאַרשעמט — און אַזוי, צוליב זיי, דאַרף איך דאָך צו קיינעם נישט אָנקומען, און איך קען נאָך אַרויסהעלפן מיין קראַנקן, צעבראָכענעם זון... איר מיינט אפשר, חנהלע, אַז אייערע לייט — זיי זאָלן אייך נאָר לאַנג לעבן און געזונט זיין מיט אייך צוזאַמען — מיינט איר אפשר אַז זיי דאַרפן מיך געבייטיק האָבן, באשר זיי דאַרפן מיך נייטיק אין באָרשט אַריין... האַ?

פאַר דער גאַנצער צייט, וואָס די אַלטע לאהלע האָט גערעדט, האָט חנהלע געקוקט איר טיף אין די אויגן אַריין, אין מויל אַריין, און זיך געשפּיגלט אינעם גוטן און ערלעכן פּנים, זי אויסגעהערט, און געאָטעמט שווער מיט די אויסגעדאַרטע, אויסגעמאַטערטע אין טויזנטער פיינען, איינ־געפאַלענע בריסטלעך; חנהלע האָט פון דער אַלטער פרויס פּנים אַרויסגע־טויכט, ווי פון אַן אַלט בילד אַרויס, אַ ליב און אייגן־נאָענט פּנים; זי, די אַלטע קעכן, איז דאָך געגעוי, ווי צוויי טראָפּנס וואַסער, ווי די עלטע־באָבע העניע ע״ה, וואָס איז אויסגעגאַנגען אַ זיצנדיקע אין איר „פּאָטער־שטול" מיט אַ תחינה אין די הענט... דאָס איז דאָך אינגאַנצן די עלטער־באָבע העניע, וואָס האָט דערציילט וווּנדערלעכע מעשהלעך און געשמעקט טאַ־בעקע... און יעדעס מאָל וואָס די באָבע העניע האָט אַ נאָס געטון, האָט זי זיך אונטערגעהאָצקעט און אויסגעשריגן מיטן קוויטשיקן קולכל: „לישועתך קיויתי ד׳, קיויתי ד׳ לישועתך, ד׳ לישועתך קיויתי"... פאַר יעדן נאָס וואָס זי האָט געטון האָט זי דאָס געזאָגט; די אור־אייניקלעך האָבן געלאַכט און דער טאַטע האָט זיך געבייזערט: „דרך ארץ, לאָבוזעס!" און די מאַמע האָט דערציילט, אַז אַמאָל, אַמאָל, אין דער עלטער־באָבעס מיידלשע צייטן, איז אין וואַרשע אויסגעבראָכן אַן עפּידעמיע, אַן אָנשיקע־ניש פון גאָט, און מענטשן זענען געשטאָרבן ניסנדיק!... און פון דעמאָלט אָן איז געבליבן, אַז פרומע מענטש האָבן געזאָגט די ווערטער, ווען נאָר זיי האָבן אַ נאָס געטון, ווי אַ דאַנק צו זיין ליבן נאָמען, וואָס זיי זענען לעבן געבליבן נאָכן ניסן...

און איצט, דאָ, אין וויטן בוענאָס־איירעס, זיצט נעבן מיר אויפן בעט

אַן אַלטיטשקע, אײנגאַנצן געראָטן און ענלעך צו דער באָבע העניעלע — אַ פּרוי מיט אויסגעהאָרעוועטע, אויסגעפּראַצעוועטע הענט און געשוואָלענע פיס. ווי די קלעצער; רעדט זי איר אויס דאָס האַרץ און טרייסט זיך — און איר אַליין, דער אַלטער דינסט אין דעם רייכן און זאַטן לאַנד — ווער וועט איר ברענגען אַביסל טרייסט? פּשיאַ קרעוו! — האָט חנהלע, ווי מען וואָלט איר פּלוצלינג אַ שטאָך געטון, האָט זי געטון אַ שפּרונג אַראָפּ פון בעט אַ נאַקעטע, ראַפּטום זיך אַראָפּגעזעצט אונטערן בעט און שנעל, האסטיק אַפּערגעשלעפּט אין וואַליזקע — אויפגערוקט די שלעסלעך, אויפגעעפנט דאָס דעקל און אָנגעהויבן איבערוואַרפן מיט פיבעריגע זאַכן.

— וואָס טוט איר, חנהלע, וואָס זוכט איר? — שטייט אויף די אַלטע אַן איבערגעשראָקענע און קוקט זי אָן מיט חשד, ווי מען קוקט אויף אַ מענטשן וואָס איז אַראָפּ פון זינען — וואָס גייט איר טון? — צאַפּלט די אַלטע מיט אַרויסגעזעצטע אויגן פון דערשרעק.

— אָט, אָט האָב איך דאָס! שוין געפונען, שוין! — פאַרקלאַפּט חנהלע די וואַליזקע און שאַרט זי מיטן פוס צוריק אַרונטער אונטערן בעט — דאָ האָט איר אַ פּאַפּירל, ס'איז גאָרנישט מיט נישט! פופציק דאָלאַר איז דאָס... איך האָב באַקומען אַ פּאָר הונדערט דאָלאַר צוגעשיקט פון שוואָגער; אַביסל האָב איך אויסגעגעבן, און אַ פּאָר דאָלאַר האָב איך אַוועקגעגעבן אין וואַצלאַוו, צו אַ באַקאַנטע פון מיין גאַס; זי איז צוריקגעקומען מיטן מאַן און אַ קינד פון רוסלאַנד. זיי זענען געווען אָפּגעריסן און אָפּגעשליסן... נאָר די פופציק דאָלאַר זענען מיר איבערגעבליבן. איך דאַרף עס נישט האָבן און אייך וועט עס ברענגען אַ נוץ... נעמט דאָס! — האָט זי דאָס גרינלעכע פּאַפּירל אַריינגעשטופּט צו דער אַלטער אין דער האַנט אַריין — פאַר אייער קראַנקן זון איז דאָס!

די אַלטע לאַהלע — וואָס האָט נאָך אין איר גאַנץ לעבן נישט געהאַלטן אַזאַ פּאַפּירל אין די הענט — בלייבט שטיין אַ פאַרגליווערטע און שטאַמלט מיט בלוי געוואָרענע ליפּן:

— ניין, חנהלע! גאָט זאָל מיך אָפּהיטן... איך וועל דאָס נישט נעמען! זאָל איך שוין אַזוי... — וויל די אַלטע שווערן און וויל בגוואַלד דעם באַנקנאָט צוריק אַריינשטופּן צו חנהלען אין די הענט אַריין.

— אַזוי זאָל מיר שוין מיין איינציקע שוועסטער אַזוי געזונט זיין,

ווי איר ווערט עס שוין מוזן צונעמען און נאָך מאַכן אַ שוויג אויך! די פּאָר דאָלאַרן פעלן מיר אויס ווי אַ שטיין אין קאָפּ! קיינער דאַרף פון דעם גאָרנישט וויסן... — שטופּט זי איר אַריין דאָס פּאַפּירל אין בוזעם אַריין — שוין, אַוועקגעפלויגן, נישטאָ! — גיט זי אַ פּאַטש מיט די הענט און צע־שמייכלט זיך ווי אַ קינד, וואָס האָט באַפרייט אַ געפאַנגען פייגעלע.

— אויב אַזוי — טאָ גיט זשע מיר אַוועק דעם אַלבום... זאָלן זיי שוין אַלע צוזאַמען זען אונטער גאָטס פליגל... — גיט די אַלטע אַ כאַפּ דעם אַלבום פון בעט און דריקט עס צו צו דער אַלטער ברוסט, סאָפּעט זי אַ בלאָס געוואָרענע, אַ געלזיכטיקע.

די טיר גיט זיך פלוצלינג אַ פּראַל אויף און די שוועסטער בלייבט שטיין אויף דער שוועל אַ פאַרווירטע:

— וואָס קומט דאָ פאָר? ווי צו מיינע יאָרן... חנהלע...

די אַלטע לאהלע לויפט אַנטקעגן דער באַלעבאָסטע מיטן אַלבום אין די הענט:

— שוין! ס'וועט זיך שוין פון היינט אָנהויבן דאָס גוטע... באַהאַלט דאָס אונטער זיבן שלעסער... באַהאַלט דאָס! — ווינקט זי צו דער באַלעבאָסטע, אַז זי זאָל דעם אַלבום שנעל, שוין באַהאַלטן.

דאָניאָ בערטאָ האָט גענומען דעם אַלבום און צוגעפאַלן צו דער שוועסטער. זי האָט זי אַרומגעקלאַמערט, געקושט איר אין די אויגן אַריין און געהעשעט:

— חנהלע... חנהשי... פאַרפייניק נישט דיין לעבן...

די אַלטע לאה האָט זיך צעשמייכלט, געציטערט מיט די אַלטע אַדערדיקע הענט, זיך געטאַפּט דעם בוזעם און נישט געוווסט, וואָס זי זאָל אָנהויבן טון. — עס האָט איר געשווינדלט פאַר די אַלטע אויגן...

# א י ט ש ע

פֿאַרנאַכט, ווען אין קליינעם אָנגערויכערטן קאַפּע־הויז ווערט גערוי־ מער און עס צעגייען זיך די געסט, די אַלטוואַרג־הענדלער, קומט אָן איטשע דער מאַליאַר, און זעצט זיך אַוועק אַליין ביי זיין טישל. ער זיצט אַזוי אָפּ איינער אַליין, ביז שפּעט אין דער נאַכט, טרינקט איין טעפּעלע שוואַרצע קאַווע נאָכן אַנדערן, בויגט זיך איבערן טישל מיט זיין ברייטער, אויסגעהאָרעוועטער פּלייצע, קוקט ער מיט אַן אָנגעברוגזט פּנים אינעם אויסגעליידיקטן קאַווע־טעפּעלע און פּויקט מיט די פינגער אין טישל אַריין.

איטשע זיצט אייביק אַליין ביי זיין טישל. איטשע איז אייביק אַליין, מיט זיך אַליין... פּונדעסטוועגן, ווייסט די גאַנצע וועלט, אַז איטשע דער מאַליאַר האָט אַ האַרץ ווי אַ דימענט... נישטאָ אַ מענטש אין דעם קאַפּע, וואָס איז נישט אַמאָל איבערגעשלאָפן אַ נאַכט צוזאַמען מיט איטשען אין זיין בעטל; שפּעט ביינאַכט האָט זיך שוין ווער געפונען, וואָס האָט זיך דערנענטערט צו איטשעס טישל און געבעטן מיט אַ שטיל און גע־ פאַלן קול:

— איטשע, איטשעלע, מ׳וועט אפשר קענען ביי דיר איבערשלאָפן די נאַכט?...

איטשע פלעגט זיך אַ קנייטש טון:

— מילא, קום. — האָט ער זיך שווער אויפגעהויבן פונעם בענקל.

אַזוי האָט איטשע אָפּגעלעבט צענדליקער יאָרן. ער האָט זיך זעלטן „אויסגעשלאָפן ווי אַ מענטש“... שטענדיק האָט ער זיך געקלאָגט, אַז עס ברעכן אים די ביינער. ער האָט געחלומט וועגן נעכט, וואָס קיינער

וועט אים נישט באַלעסטיקן. נאָר ווען ער איז שוין געווען אַליין אויף דער גאַס, האָט אים שוין עמיצער נאָכגעיאָגט און געבעטן, ממש געוויינט:

— איטשע, נעם מיך מיט מיט דיר... כ׳פאַל פון די פיס... כ׳האָב פאַרלוירן דעם שליסל...

איטשע פלעגט אַ קרעכץ טון:

— איך ווייס נישט ווי אַזוי מענטשן זענען דאָס... איך האָב נאָך קיינמאָל נישט פאַרלוירן דעם שליסל. קום!

אַזוי האָט איטשע געלעבט און וואָלט מסתמא געשטאָרבן ליגנדיק מיט נאָך עמיצן אין איין בעט. אָבער...

איינמאָל, ס׳איז געווען אין אַ הייסער זומער־נאַכט: איטשע האָט אין יענעם טאָג שווער און ביטער געאַרבעט. ער האָט אין איין טאָג אָפּגע־פאַרבט אַ קלויסטער־טורעם; ביינאַכט האָט ער זיך אָפּגערוט. ער איז געזעסן ביי זיין טישל און געטרונקען אַ גלאָז ביר. איטשע האָט גע־שמייכלט. ער האָט פונעם קלויסטער־טורעם געכאַפּט אַ פיין פאַרדינסטל. ווען ער, איטשע, כאַפּט נאָך אַ פּאָר אַזעלכע פאַרדינסטלעך, וואָלט ער געקענט אָפּשפּאָרן אַביסל געלט... ער וואָלט געפאָרן קיין אַמעריקע, קיין ניו־יאָרק, זיך זען מיט זיין איינציק־געבליבענער שוועסטער; ווען ער, איטשע, איז אַמאָל אַוועקגעפאָרן פון דער היים, איז די שוועסטער נאָך געווען אַ קליין מיידעלע מיט צוויי לאַנגע צעפּעלעך... היינט איז זי שוין אַ באָבע... זי האָט שוין אַן אייניקל פון אַ יאָר... יאָ, איטשע וואָלט זיך געקויפט אַ שיפסקאַרטע און אויף דער שיף וואָלט ער זיך אויסגערוט די ביינער...

איטשע האָט זיך איבערגעוועקט פון זיין וואַכנדיקן חלום. ער האָט געכאַפּט אַ קוק צום זייגער, וואָס איז געהאָנגען איבערן בופעט. עס איז אים מיטאַמאָל אומעטיק געוואָרן, ווייל עס איז שוין געווען שפּעט. ער האָט באַדאַרפט אויפשטיין פרי און עס איז אים געווען אַ שאָד איבערצו־רייסן דאָס טראַכטן. איטשע האָט צוגערופן דעם קעלנער. ער האָט באַ־צאָלט און זיך געלאָזט צום אַרויסגאַנג. ער איז אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט און דערפילט ווי עמיצער גייט נאָענט נעבן אים. איטשע האָט זיך אומ־געקוקט מיט שרעק: אוודאי, אַ באַקאַנטער האָט אים אָפּגעוואַרט — ער האָט נישט ווו צו שלאָפן...

— אין אַזאַ הייסער נאַכט! ס׳איז מיר באמת שווער...

דער באַקאַנטער האָט זיך געבעטן ווי אַ קינד:

— שוין, ס׳וועט זיין ס׳לעצטע מאָל... ס׳לעצטע מאָל...

איטשע האָט זיך אָפּגעשטעלט און אים אָנגעקוקט: ער האָט פּאַר זיך געזען אַ בלאַסן מענטשן מיט אויסגעלאָשענע, האָפענונגסלאָזע אויגן, פאַרטרוקנטע ליפּן און צעשויבערטע, פאַר דער צייט גרוי־געוואָרענע האָר: איטשען האָט אָנגענומען אַ רחמנות, אָבער דאָך האָט ער געוואָלט אין דער נאַכט שלאָפן אַליין, האָט ער געזאָגט:

— איך וועל דיר באָרגן אַ פּאָר פּעזוס, גיי אַריין אין אַ האָטעל.

דער מענטש האָט זיך געעקשנט:

— ניין, איטשע, איך קען נישט שלאָפן אין קיין האָטעל. ס׳איז מיר אַזוי אומעטיק. טו מיר די טובה...

איטשע האָט אים געפּרוווט אָפּווענדן:

— צוליב די היצן שלאָף איך אויפן דאַך. ווילסט שלאָפן אויפן דאַך?

דער מענטש האָט זיך דערפרייט:

— זאָל זיין אויפן דאַך. אַבי נישט אַליין אין אַ האָטעל...

מיט אַ קורצער צייט שפּעטער איז שוין איטשע און זיין גאַסט גע־ליגן איינער נעבן אַנדערן אויפן דאַך.

די נאַכט איז געווען זייער אַ ליכטיקע. די שטערן זענען אין דער נאַכט געווען גרעסער און ליכטיקער ווי אַן אַנדערש מאָל. די לבנה האָט געפּליישט מיט בלוי ליכט. דער באַקאַנטער, דער גאַסט, איז געלעגן ווי פאַרשטאַרט אויפן מאַטראַץ, געקוקט מיט זיינע אויסגעלאָשענע אויגן צי דער לבנה און געפרעגט:

— דאָרט איז אויך אַזוי אומעטיק ווי דאָ? — האָט אים נישט געגע־מען קיין שלאָף.

איטשע האָט בייז געוואָרטשעט:

— לאָז מיך שלאָפן. איך דאַרף שוין באַלד אויפשטיין.

אַזוי זענען זיי אָפּגעשלאָפן די נאַכט. פאַרטאָג האָט זיך איטשע דער ערשטער איבערגעוועקט. דערנאָך האָט ער אויפגעוועקט דעם גאַסט. ער האָט צוריק אַראָפּגעטראָגן דעם מאַטראַץ אין צימערל אַריין און דער גאַסט האָט זיך געשויבערט און געבעטן:

— אפשר קען איך שלאָפן נאָך אביסל?

— שלאָף! — האָט זיך איטשע אָנגעטון אַן איילנדיקער.

איטשע איז אַוועק צו זיין אַרבעט. אַ גאַנצן טאָג האָט ער שווער גע־האָרעוועט און זיך געבאָדן אין שווייס. פאַרנאַכט האָט ער זיך געלאָזט גיין צום קאָפּע־הויז. אַזוי ווי ער האָט נאָר איבערגעטראָטן די שוועל, זענען אים עטלעכע מענטשן מיטאַמאָל אַנטקעגנגעלאָפן און אָנגעזאָגט אַ בשורה:

— גיי נאָר אַהיים. עמיצער האָט זיך געשאָסן ביי דיר אין צימער. מען זוכט דיך!

איטשע איז געוואָרן טויט־בלאַס. ער האָט זיך אָנגעהויבן וויגן, אויס־געגלאָצט אַ פּאָר אויגן און גאָרנישט געזאָגט. ער האָט שנעל גענומען שפּרייזן, אַוועק אַהיים צו זיך. דער עולם אין קאָפּע האָט אים נאָכגעקוקט מיט מיטגעפיל און באַדויערט:

— באַשערט אים, נעבעך, אַן אומגליק. אָט אַ משוגענער! זיך גיין שיסן ביי יענעם אין שטוב...

עטלעכע טעג האָט מען איטשען נישט געזען אין קאָפּע־הויז. אין אַ צייט אַרום האָט ער זיך צוריק באַוויזן. ער איז שוין צוריק געזעסן נעבן זיין טישל.

שפּעט ביינאַכט, ווען איטשע האָט זיך געלאָזט גיין אַהיים, האָט אים עמיצער פאַרשטעלט דעם וועג און געבעטן:

— איטשע, איך וויל ביי דיר איבערשלאָפן אַ נאַכט. מ׳קען, האַ?

איטשע האָט אים אָנגעקוקט פון אויבן ביז אַראָפּ און האָט אים פון זיך ברוטאַל אַ שטופּ געטון:

— גיי צו אַלדע שוואַרץ יאָר! ווילסט זיך שיסן? — נישט ביי מיר...

איטשע איז שנעל אַרויסגעלאָפן אויף דער גאַס. דער מענטש איז געבליבן שטיין אַ דערשראָקענער. עמיצער האָט געזאָגט:

— איטשע האָט אַ גאָלדן האַרץ... דער טויטער האָט אים שלעכט געמאַכט...

# דער קרישטאָלענער טורעם

מיינע פריינט מענדל און
רחלה אַבזאַץ — אַ מתנה.

דורכן אָפענעם פענצטער פון אַלטן גבריאלס בוידעם־שטיבל מיטן קרומען אָנגעבויגענעם סופיט, האָט אַרויסגעשמעקט אויפן דאַך אַרויס מיט פאַרזויערטן קידוש־ווייך; און פונעם דרויסן, פון דער מאַיאָ־ווער נאַכט, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזט איבער דער שטאָט וואַרשע, האָבן אַריינגעווייעט אינעם צימער אַריין בעז־ריחות און עס האָבן אַריינגע־בלאָזן וואַרעמע ווינטלעך, אָנגעזאָגטע פון דער ווייסל. אַ גרויסע בלוי־זילבערנע לבנה האָט אַריינגעשטראַלט אין צימער און אָנגעפאַרבט די גרוי־אָפּגעבליאַקעוועטע ווענט מיט בלויען עמאַליר. טויזנטער פייערלעך האָבן ווייט איבערן דאַך געבלענדט און געפינקלט ווי צעשאָטענע דימענטן. די גאָלדענע קופּאָלן פונעם סאָבאָר האָבן זיך געפאַרבט מיט פערלמוטער קאָלירן. און העט, ווייט, אין מזרח־זייט ביים ברעג פון דער ווייסל, האָבן אַוועקגעצויגן שרענגעס מאַטע ליכטער, אויפגעקייטלטע אינעם חושך ווי שנירלעך פערל, האָבן זיי זיך אַריבערגעקייטלט איבערן ווייסל טייך אַריבער, באַלויכטן די ריזיקע פּאָניאַטאָווסקי בריק, וואָס האָט געגרייכט ביז פּראַגע.

די נאַכט איז פול געווען מיט קולות, מיט געקלאַנגען. גאָר ווייט האָבן געקלונגען די גלעקער פון אַ קלויסטער. גאָר נאָענט האָט געקלונגען דער ראָטהויז זייגער. אין דער שטאַל ביי מאַטעס קראָוויאַזש האָט געמו־קעט די קו. ערגעץ האָט געוויינט אַ קינד.

אינעם ראָם פונעם פענצטער איז געשטאַנען דער אַלטער גבריאל,

דער אַלטוואַרג־הענדלער; ער איז געשטאַנען ווי אַ פאַרגליווערטער און אַ פאַרשטיינערטער, אַ באַשיינטער און פאַרבלענדעטער פון די לבנה־שטראַלן, זיין ריזיק־הויכער גוף האָט אָפגעשאָטנט זיין פיגור אויף דער וואַנט אַנטקעגן, און בײדע — מענטש און שאָטן, — האָבן געגאַפט אינעם דרויסן אַרויס צו די ליכטער פון דער שטאָט. ס׳איז שוין געוועזן מער ווי אַ האַלבע שעה, ווי ער איז אַהיימגעקומען פונעם ראַדזימינער חסידים־שטיבל, און עס האָט זיך אים נישט געגלוסט אָנצוצינדן דעם קעראָסין־לאָמפּ און מאַכן ליכטיק. קיינמאָל קען ער זיך נישט אָנזעטיקן מיט די נאַכט־פייערלעך פון זיין געבוירן שטאָט, וווּ ער האָט שוין אָפּגעלעבט פולע זיבעציק יאָר. דאָס גאַנצע לעבן זיינס האָט ער אויסגעלעבט אין דער דאָזיקער שטאָט און קיינמאָל נישט פאַרלאָזט דעם מקום, נישט אַריבערגעטראָטן די שוועל פון יענער זייט ראַגאַטקע, אפילו נישט אויף קיין איין טאָג.

פון צייט זיין מינדל, ע״ה, איז אים געשטאָרבן מיט פינף יאָר צוריק, טרעפט זייער אָפט, אַז ווען ער קומט אַהיים, דערנענטערט ער זיך אין דער פינצטער צו זיין בעט, ציט פון זיך אַראָפּ די מלבושים און וואַרפט זיך אַריין אין בעט אַריין. אַז ער צינדט אַמאָל אָן דעם לאָמפּ, ווייזט זיך אים אויס, אַז זיין מינדל וועט פלוצים אָנקומען, און צונעמען דאָס זעקל מיטן ביסל אַלטוואַרג, וואָס ער האָט איבערן טאָג איינגעהאַנדלט; און אָפטמאָל, טרעפט זיך גאָר, אַז ווען ער קומט פון דער גאַס אַהיים, פאַרגעסט ער, ס׳גייט אים אינגאַנצן אַרויס פונעם קאָפּ אַרויס, אַז שוין יאָרן ווי זיין אַלטע רוט אויפן גענשער בעת־עולם, און ער קלאַפּט אָן אין טיר און וואַרט אַ היפּשע רגע, זי זאָל אים עפענען, אויפמאַכן די טיר...

און ער געדענקט נאָך גוט, ווען מינדל, אַ ליכטיקן גן־עדן זאָל זי האָבן, האָט אים צום לעצטן מאָל געעפנט די טיר. מער וועט זי אים שוין די טיר קיינמאָל נישט עפענען. ער איז געבליבן אַליין אויף גאָטס וועלט. מסתמא איז אַזוי דעם אויבערשטנס רצון געווען... נאָר אין זיין וואַרשע פילט ער זיך נישט אינגאַנצן עלנט. יעדער שטיין פון וואַרשע איז אים נאָענט, ליב און טייער און באַקאַנט. אויפן פּראַגער גוטן־אָרט, אויפן גענשער גוטן אָרט, רוען זיינע אבות פון עטלעכע דורות... און ווו ער זאָל נישט געבן אַ גיי און אַ שפּאַן, ווו ער זאָל זיך נישט קערן און ווענדן איז אַלץ נאָענטס און אייגנס, אייגנס!

און ערגעץ ווייט, ווייט איבער ימים, דאָרט אין אַמעריקע, וווינען זיינע זין און טעכטער, וועלכע ער האָט שוין נישט געזען צו צוואַנציק יאָר, צו פופצן יאָר, צו צען יאָר. אייניקלעך גאַנצע נישט געזען. פאַר פּסח און ראש־השנה קומען אָן פון די ווייטע קינדער בריוו מיט פאָטאָ־גראַפיעס, שנה־טובהס און געלט. ער האָט שוין אַ פולן שופלאָד מיט פאָטאָגראַפיעס. נאָר די בילדער דערמאָנען אים גאָרנישט און באַרירן אים גאָרנישט... אַלע זין, אַלע טעכטער, די איידעמס, די שנורן און אייניקלעך האָבן אַזעלכע פרעמדע, אומבאַקאַנטע, גאָרנישט יידישע פּנימער. ס'ווייזט זיך אים אויס, אַז ער געהערט זיך מיט זיי גאָרנישט אָן... עס גלאַנצט אַרויס פון די פאָטאָגראַפיעס מיט פרעמדקייט, פרעמדע וועלטן זענען דאָס. און וואָס איז דער חידוש, אַז זיי לעבן אין אַן איבער־געקערטער וועלט, אַז אין וואַרשע איז טאָג איז דאָרטן נאַכט; אַז אין וואַרשע איז זומער, איז דאָרטן גאָר ווינטער?... די קינדער האָבן אים שוין אַ סך מאָל געוואָלט אַהין נעמען קיין אַמעריקע. אָבער, וואָס, משוגע איז ער! חס וחלילה, ער וועט זיין וואַרשע קיינמאָל נישט איבערלאָזן...

די איינציקע וואָס איז איבערגעבליבן אין וואַרשע, איז מאַשע, די יינגסטע טאָכטער. זי איז געבליבן. נאָר וואָס פאַר אַ נחת האָט ער פון איר דערלעבט?... מיט אַ יאָר צוריק האָט זי חתונה געהאַט. זי האָט זיך צונויפגעפאָרט מיט אַ בעקער־יונג, אַ הונט־שלעגער, אַ רשע מרושע... וויפל ער האָט זיך נישט געבעטן ביי איר, ממש געפאַלן איר צו די פיס, געדראָעט, און — ס'האָט נישט געהאָלפן! ביז היינט קען ער נישט סובל זיין, ווי אַזוי זיין איידל קינד, מאַשעלע, האָט זיך געקענט צונויפפאָרן מיט אַזאַ נפש... ער איז אפילו צו דער חופה נישט געגאַנגען און האָט איר פאַרזאָגט, אַז זי זאָל מער נישט איבערטרעטן זיין שוועל. נאָך אַ גרויסער נס וואָס גאָט האָט זיך מרחם געווען אויף מינדלען און זי האָט פאַר־שפאָרט צוצוזען אַזאַ נחת... זי וואָלט אַלצאיינס אויסגעגאַנגען פון צער... מסתמא האָט זי געהאַט אַ גרויסע זכיה ביים אויבערשטן!...

אַ שטאַרקער כעס איז באַפאַלן דעם אַלטן און ער האָט אָנגעהויבן ברומען. ער האָט הילפסלאָז צוגעזיפצט און אָנגעהויבן פּויקן מיט די פינגער אויפן פענצטער־געשטעל. אַ ווייַלע שפּעטער האָט ער אָנגעהויבן צו זוכן אין די קעשענעס. אַז ער האָט געפונען די שוועבעלעך, האָט ער גענענט צום טיש און אָנגעצונדן דעם לאָמפּ. אין איין רגע איז דער

בלויער לבנה־עמאַליר אַראָפּ פון די ווענט; אַ רויט־טונקל ליכט האָט טרויעריק אויפגעפלעמלט אין בוידעם־שטיבל. דער אלטער האָט זיך אַרומ־געקוקט: דאָס ספרים־שענקל מיט די גרינע אָפּגעבליאַקעוועטע פאַר־הענגלעך טוליעט זיך צו דער הויכער דעמבענער שאַפע מיטן געשניצטן קאָפּשטיק מיט די צוויי אָדלערס; דאָס ספרים־שענקל טוליעט זיך פון אייביק צו דער שאַפע ווי אַ קינד צו אַ מאַמען... דאָס גרויסע בעט מיט די אָנגעלייגטע קישנס, קוקט אַריבער צו מאַשעס אייזערן בעטל, וואָס שטייט אַ נישט אָנגערירטס, אויפגעבעט, נאָך פון דעמאָלט אָן, ווען מאַשע איז שוין מער נישט אַהיימגעקומען שלאָפן... און הינטערן בעט שטייט דער דעמבענער הויכער קאַמאָד מיט די פיר ברייטע שופלאָדן, וואָס וואַרט געדולדיק פון פרייטיק צו פרייטיק, אַז דער אַלטער גבריאל זאָל אַרויסרוקן אַ שופלאָד און אַרויסנעמען אַ ביסל וועש, פאַרן גיין אין מקווה אַריין.

גבריאל בלייבט שטיין נעבן קאַמאָד. איבערן קאַמאָד הענגען פאַר־געלטע, אין קליינע רעמעלעך איינגעראַמטע, מיט פליגן־קויט באַפּינטלטע פאָטאָגראַפיעס; עס קוקן צו אים קינדער, שנירן, איידעמס און אייניקלעך וואָס זענען פון אים אַזוי ווייט...

דער אַלטער צעשפיליעט זיך די קאַפּאָטע, ער ציט פון זיך אַראָפּ דאָס מלבוש און בלייבט שטיין אינעם וועסטל דורך וועלכן עס האָבן אַרויסגעהאָנגען די ציצית פונעם אַרבע־כנפות; אָן דער קאַפּאָטע האָט ער אויסגעזען נאָך העכער ווי ער איז: אַ געשטרעקטער האָט ער זיך אויס־געצויגן אין זיין גאַנצער לענג, גענומען אויסגלעטן זיין ברייטע גרויע באָרד און זיך אַוועקגעזעצט נעבן טיש מיט די פיר שטולן מיט די הויכע געלענדערס, וואָס זעען אויס ווי פיר שטומע באַשעפענישן וואָס זיצן אייביק פאַרשוויגענע... ווי שעמעוודיקע, נישט דרייסטע אורחים...

דער לאָמפּ אויפן טיש האָט זיך צעלויכטן וואָס אַמאָל ליכטיקער. דער אַלטער גבריאל קוקט אויפן פלאַם אַ פאַרטראַכטער, וויל זיך עפּעס דערמאָנען און קען נישט. ער רייבט זיך דעם טונקל־בראָנדזיקן צעקנייטשן שטערן, פאַרציט מיט די קיינמאָל נישט־אינגאַנצן גרוי־געוואָרענע ברע־מען, וואָס זעען אויס ווי בערשטלעך, און ברעכט זיך די גרויסע, פאַר־מעטדיקע, אָדערדיקע הענט. ער דערמאָנט זיך, אַז ער האָט נאָך היינט, פון מיטאָג אָן, ווען ער האָט געגעסן אַ טעלער זופּ אין חנה דער אַלמנהס

גאָרקיכל, גאַרנישט געהאַט אין זיין מויל. אויפן קיכל, אין ווינקל ביי דער טיר, ליגט אויף אַ טעלער אַ שטיקל הערינג און אַ ציבעלע. ער וואָלט געדאַרפן זיך צוגרייטן וועטשערע, נאָר ער האָט נישט קיין אַפּעטיט. נאָכן הערינג מיטן שטיקל ברויט, וועט אים דורשטן און חשק צו מאַכן פייער און אויפקאָכן אַ גלעזל טיי, האָט ער נישט. מילא, מען קען זיך באַגיין.

פונעם קיכל אַרויס צעגרילצט זיך אַ גריל. עס איז אים אַביסל היימלעכער געוואָרן. ער דרייט אין דעם קנויט פונעם לאָמפּ עס זאָל ווערן טונקעלער, גייט צו צום ספרים־שענקל און צעפּראַלט די טירלעך. רוקנס פון ספרים, פאַרשטויבטע און פאַרגעלטע קוקן אויף אים שווייגנדיקע. ירושות פונעם פאָטער, פון זיידעס און עלטער־זיידעס וואַרטן גרייטע און שטילע עס זאָל זיי ווער אין דער האַנט אַריין נעמען, אויפמישן זיי, זיך צעוויגן איבער זיי און ברומען אַ ניגון...

ער האָט זיך אַריינגעבויגן מיטן קאָפּ אינעם ספרים־אַלמערל, געציילט, געגישטערט מיט די אויגן און צום סוף, אפילו קיין ספר מיט קיין פינגער נישט אָנגערירט. צייט מאַשע איז פאַרטריבן געוואָרן פון שטוב, איז אים שווער אויפן געמיט. עס איז אַוועק פון אים די אַלטע רו. זיין האַרץ איז פול מיט פחד פאַר זיין מאַשעס גורל. גאָט אַליין קען נאָר וויסן, וואָס פון זיין קינד וועט ווערן, ביי דעם עם־הארץ... זי אַליין האָט זיך אומגליקלעך געמאַכט, זיך געקוילעט מיט די אייגענע הענט... ווער האָט זיך געזאָלט ריכטן אויף אַזאַ אומגליק?

ער פאַרמאַכט פאַוואָליע דאָס ספרים־אַלמערל און שאַרט זיך צו צום קאָמאָד. נעבן דער קאַראַפינקע מיטן ביסל קידוש־וויין, שטייט אַ בלוי, פירקאַנטיקע, קרישטאָלענע פלאַש, וואָס זעט אויס ווי אַ הויכער טורעם; די פלאַש איז צוויי מאָל אַזוי הויך ווי די צוויי מעשענע לייכטער, וואָס שטייען ווי שומרים ביי די זייטן; ערגעץ אויף גאָטס וועלט, געפינט זיך מסתמא אַזאַ טורעם, וואָס איז געגוי ווי די פלאַש: אויפן סאַמע שפּיץ פונעם טורעם שטייט אַ וואָלף מיט אויסגעשטשירעטע ציין און קוקט אַראָפּ צו דער ערד. און ווייטער אַראָפּ, פונעם גלעזערנעם קאָרעק אויף וועלכן עס הויערט דער וואָלף, ציט זיך אַראָפּ אַ פירקאַנטיקער שמאָלער פּאַלאַץ מיט פיר שטאָק פענצטער צו פיר אין יעדן שטאָק; אַלע פענצטער מיט רונדיקע באַלקאָנען, וואָס שטאַרן אַרויס פון די ווענט, און אַלע

באַלקאָנען זענען אונטערגעשפּאַרט מיט קײַלעכדיקע פּאַרשניצטע זײַלן, און אויפן ראַנד־שפּיץ פון יעדן זײַל זיצן נאַקעטע מענטשן מיט אַראָפּ־הענגענדיקע פיס; די מענטשן דינען אָנשטאָט באַלקנס און זײַלן און האַלטן אונטער אויף זײערע געבויגענע פּלײצעס די באַלקאָנען. און יעדעס מענטשעלע זיצט אויף זײַן אויפן: אײניקע זיצן געדולדיקע, שמײכלענדיקע, ווי די משא וואָלט פאַר זײ געווען לײַכט; אַנדערע, מיד געוואָרענע, שוואַכע, זיצן מיט די קעפּ אָנגעבויגענע, ממש די קעפּ רירן שוין באַלד אָן די אײגענע קניען. זײערע פּרצופים זענען פאַרקרומט פון מי און ווײטיק. אַנדערע מענטשעלעך קריצן מיט די צײנער, גאָר אַנדערע זיצן מיט אַרויסגעשטרעקטע לאַנגע צינגער, ווי דורשטיקע הינט; אַזוי זיצן זײ, סײ בײטאָג און סײ בײנאַכט אין אַלע פיר זײטן פונעם טורעם און קרעכצן אַרײַן אין אַלע פיר זײטן פון דער וועלט...

שוין אַ סך צענדליקער יאָרן ווי די פלאַש שטײט אין גבריאלס שטוב. גבריאל האָט געערן דאָס חפץ און ווען קײנער זעט נישט צאַצקעט ער זיך מיט דעם און שטויבט דאָס פאָרזיכטיק אָפּ. נאָך מיט אַ סך יאָרן צוריק איז די פלאַש געשטאַנען בײַ זײַן פאָטער אויפן זעלבן קאַמאָד. און מיט זיבעציק אָדער אַכציק יאָר צוריק האָט זײַן זײדע געהאַלטן אַ שענק אין אַלט־שטאָט, אַנטקעגן דעם קעניגלעכן שלאָס, וואָס בײַם ברעג פון דער ווײסל; די פלאַש איז דעמאָלט געשטאַנען אויפן אָנגעזעענסטן אָרט, איבערן בופעט, אויף די פּאָליצעס צווישן פלעשער אַלטע ווײַנען און מעד; די פלאַש איז שטענדיק, ווײַזט אויס, געשטאַנען אַ לײדיקע, אַ פאַרשטאָפּטע, מיטן וואָלף אויפן שפּיץ.

אָבער עס זענען שוין אַ סך יאָרן אַוועק ווי די פלאַש איז מער נישט לײדיק. די פלאַש איז שוין אַ סך יאָרן פול —נישט מיט קײן ווײַן אָדער מעד — נאָר מיט קנעפּלעך, מיט העקעלעך, מיט שמאָכטעס, פון דורות אָפּגעניצטע קלײדער, וואָס זענען צעפּרעסן געוואָרן פון מילבן אָדער צעפּאַלן געוואָרן אין פאַרלויף פון צענדליקער יאָרן. אין דער פלאַש ליגן אָנגעהויפט אין אַ קופּע אַלע קנעפּ און העקעלעך, וואָס די פאַרשטאָרבענע מינדל האָט אָנגעזאַמלט אין צענדליקער יאָרן, אין אַ גאַנצן יובל; די קנעפּ זעען זיך כמעט נישט אָן דורכן קרישטאָל. נאָר אַז מען האָט אַמאָל געדאַרפט אַ קנאָפּ צו אַ מלבוש, האָט מען אַראָפּגענומען דעם וואָלף פונעם שפּיץ טורעם, מען פלעגט אים אַוועקלײגן פאָרזיכטיק אויפן קאַמאָד,

אויפגעהויבן די פלאַש מיט מורא ווי אַ טייערן אוצר און אַרויסגעשאָטן אַ הויפן קנעפּ אויפן טיש. דערנאָך, אַז מען האָט שוין געהאַט אויסגעזוכט דאָס נויטיקע, האָט מען די קנעפּ צוריק אַרייגעשאָטן אין דער פלאַש.

און אַז מען האָט אַמאָל אויסגעשאָטן די קנעפּ פון דער פלאַש אַרויס, איז עס געווען ווי אַ קופּע איידלשטיינער וואָלטן געליגן אָנגעהויפט און געמיניעט מיט אַלע קאָלירן פונעם רעגנבויגן; גרויסע ביינערנע קנעפּ ווי גרויסע רענדלעך האָבן געבלאַסט ווי פּערל; מעשענע קנעפּ האָבן גע־גלאַנצט ווי גאָלדענע; ס׳האָבן זיך געוואַלגערט רויטע קאָראַל פּאַטשערקעס, גרינע קרישטאָלענע הוטן־שפּילקעס, שטיקלעך אויסגענייטע סטענגעס מיט וויאָלעטענע לינזן, טאַשמעס מיט קאָלירטע פיש־שיפּן, געהאָפטענע שטיקלעך טול פון צעפּליקטע שטערן־טיכלעך, שפּילקעס, נאָדלען, שטיק־לעך פראַנזן פון גאָלד־פעדעם, פון זילבער־פעדעם.

דאָס איז דער גאַנצער אוצר וואָס ליגט אין דער פלאַש פון בלויען קרישטאָל. שוין אַ סך יאָרן אַוועק, וואָס קיינער האָט פון דער פלאַש גאָרנישט אַרויסגענומען און גאָרנישט אַרייגעלייגט. דער זקן קען אַמאָל גאַנצע שעהען אָפּשטיין און קוקן אויף דער פלאַש. און אַז די פלאַש איז ריין אָפּגעשטויבט, לויכט דער בלויער קרישטאָל מיטן גלאַנץ פון ברי־ליאַנטן און דימענטן, שיינט עס אינעם בוידעם שטיבל, ווי אַ לאָמפּ וואָס ברענט אייביק.

דער אַלטער האָט אַרויסגענומען זיין רויטע פּאַטשיילע פון דער אויסגעטאָענער קאַפּאָטע, ער האָט געוואָלט מיט דער פּאַטשיילע אָפּשטויבן דעם קאָפּ פונעם וואָלף, וואָס ווערט אַלעמאָל צום ערשטן פאַרשטויבט; ער שטרעקט אויס די האַנט מיט דער פּאַטשיילע, גיט זיך אַ פּראַל אויף די טיר. דער אַלטער גיט אַ צאַפּל און בלייבט שטיין מיט דער רויטער פּאַטשיילע אין דער האַנט. ער דרייט אויס דעם קאָפּ צו דער טיר און זעט ווי זיין טאָכטער מאַשע שטייט אויף דער שוועל, אַ בלאַסע, אַ נישט דרייסטע, מיט אַ טונקל לייכטן שאַל אויפן קאָפּ.

— אַ גוט ב׳אָוונט, טאַטעשי. — וואַגט זי נישט צו מאַכן אַ טריט.

דער פאָטער האָט צאַפּל געטון. ער האָט זי אַ ווײַלע באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס. ער האָט נישט אָפּגעענטפערט קיין וואָרט און זיך אָפּגעקערט צו דער טאָכטער מיט דער פּלייצע.

— אַ „גוט ב׳אָונט” האָט מען דאָך געזאָגט דעם טאַטעשי. — האָט איר קול אויפגעציטערט.

דער אַלטער טאַטע האָט צוגעבויגן דעם קאָפּ צו דער קרישטאָלענער פלאַש און זיך איינגעהויקערט. מאַשע האָט אינעם זשעסט פאַרשטאַנען דעם טייטש: — „זייער פיין, גוט ב׳אָונט האָסטו געזאָגט... כ׳האָב שוין געהערט!”

מאַשע האָט מיט מורא געמאַכט עטלעכע טריט צום טיש, זיך אָנגעשפּאַרט אינעם ווענטל פון אַ שטול און זיך אַרומגעקוקט איבערן צימער. דאָס ליכט פונעם קעראָסין־לאָמפּ האָט זי באַשיינט אין איר שלאַנקער הויך איינגאַנצן אַ געראָטענע אין איר פאָטער; איר מאָט פּנים מיט די דינע געשניצטע ליפּן זענען ווי פאַרגליווערט געווען, נאָר די אויגן האָבן געגליט און דורכגעבויערט דעם אַלטנס פּלייצע. זי האָט געזאָגט מיט געבעט:

— זאָל זיך דער טאַטעשי אומקוקן אויף מיר. כ׳בעט דעם טאַטעשי...

דער טאַטע האָט זיך געמאַכט נישט הערנדיק און רואיק אָנגעהויבן אָפּצושטויבן מיט דער פּאַטשיילע דעם קרישטאָלענעם טורעם.

מאַשע געגענט נאָך אַ טריט הינטערן פאָטערס פּלייצע און צערעדט זיך:

— כ׳בין געקומען זיך געזעגענען מיטן טאַטעשי. כ׳פאָר היינט ביי־נאַכט אַוועק מיט מיין מאַן קיין אַמעריקע. מיין מאַן וויל מער נישט בלייבן אין צאַרס מדינה... מאָרגן וועלן מיר שוואַרצן די גרענעץ. כ׳וויל דער טאַטעשי זאָל מיר מוחל זיין... כ׳וויל דער טאַטעשי, זאָל מיר צווינטשן, אַז כ׳זאָל בשלום מיט מיין מאַן דורכפאָרן דעם ים.

דער אַלטער שפּאַרט זיך אָן אין קאַמאָד. אין מוח הויבט אים אָן קלאַפּן און זבענקען: זי, זי, מאַשע פאָרט אויך אַוועק! און מיט וועמען? — צע־קאָכט זיך אין אים דאָס בלוט. אָבער ער שווייגט.

— כ׳בעט דעם טאַטעשי אַז ער זאָל מיר מוחל זיין! — ברעכט זיך אין איר קול און זי צעכליפּעט זיך.

דער זקן הויבט אָן שווער אָטעמען און מורמלט:

— נו, נו, עט... — ווייזט ער מיט אַ האַנט צו דער טיר, זי זאָל אַוועקגיין.

— טאַטעשי, אוי, טאַטעשי... — פאַלט זי צו צו אים און כאַפּט אים אַרום פון הינטן אַרום דער פּלייצע. — כ׳בעט מיר מוחל זיין. — קושט זי אים אין קאַרק אַריין.

גבריאל איז האַרט ווי אַ שטיין און שטייף ווי אַ שטיק האָלץ. ער הויבט אָן פאָכען מיט דער רויטער פאַטשיילע אויפן קרישטאָלענעם טורעם — נו, נו, אַ זאַשע! געגאַנגען זאָל ווערן! — טרייבט ער זי פון זיך ווי אַ הונט — גיי!

די טאָכטער בלייבט שטיין אָן אָפּהענטיקע. אויף איר פּנים גיסט זיך אויס אַ פאַרצווייפלונג. באַלד ווערן אירע ליפּן נאָך דינער און פאַרשנו־רעטער און פון אירע אויגן ברענט שוין אַרויס אַ מוראדיקע שנאה. איר בוזעם הויבט זיך אַרויף און אַראָפּ, ווי דאָס האַרץ אירס וואָלט זיך אין איר געוואָרפן. אָט, און די בלוזע וועט אויף איר פּלאַצן. זי פאַרקריצט מיט די ציין:

— וועט זיך טאַקע דער טאַטעשי מיט מיר נישט געזעגענען, טאַקע אויף אָן אמתן נישט געזעגענען? — קריצט זי מיט די פּערלדיקע ציין.

אַ ווײַלע איז שטיל. טאָכטער און פאָטער אָטעמען שווער. און אַז עס גייען פאַרביי עטלעכע רגעס און דער אַלטער ענטפערט נישט און קוקט צום באַלקן פונעם סופיט — גיט אים מאַשע פּלוצלינג אַ שטויס אַוועק פון דער קאַמאָד. עס געדויערט אַ סעקונדע און די טאָכטער האַלט שוין אין אירע הענט די קרישטאָלענע פלאַש — דעם בלויעם קרישטאָלענעם טורעם; זי גיט דאָס אַ הויבט אויף אין דער לופטן איבער איר קאָפּ און אַ דראָענדיקע, אַ שווער סאָפּענדיקע, צעשרייט זי זיך:

— אַז דער טאַטעשי האָט ליבער אַ שטיק גלאָז מער ווי אָן אייגן קינד, מער ווי דאָס אייגענע בלוט און פלייש, — טאָ זאָל עס שוין צעשמע־טערט ווערן! — וויל זי אַ וואָרף טון דעם קרישטאָלענעם טורעם אויפן פּאָל.

— ניטע, ניטע, חס וחלילה, זאָלסט דאָס נישט צעברעכן! — האָט דער פאָטער זי אָנגעכאַפּט אַ פאַרצאַפּלטער ביי די הענט — שטעל עס נאָר אַוועק. שטעל עס אַוועק זאָגט מען צו דיר! — האָט זיך זיין קול איבער־געבראָכן מיט נאָכגיביקייט.

מאַשע האָט געפאָלגט. איר פּנים האָט אויפגעשיינט מיט פרייד און פאַרטרערטע אויגן. זי האָט אַוועקגעשטעלט די פלאַש אויף איר אָרט און אַרויפגעפאַלן אויפן פאָטער און געהעשעט:

— זאָל דער טאַטעשי נאָך לעבן לאַנגע יאָרן און זיין געזונט! כ'בין היינט געווען ביי דער מאַמעשיס קבר, זיך געזעגנט מיט איר... אַז כ'וועל

שרייבן אַ בריוו פון אַמעריקע זאָל מיר דער טאַטעשי ענטפערן. — האָט זי געקושט דעם פּאָטערס הענט.

גבריאל האָט זיך אָנגעהויבן שאָקלען און נישט געקוקט דער טאָכ־טער אין די אויגן אַריין:

— פאָר געזונטערהייט, טאָכטער! זאָלסט אָנקומען בשלום אויפן אָרט! זאָלסט נישט פאַרגעסן אַז דו ביסט אַ יידיש קינד! נו, גיי דיר געזונטער־הייט! — האָט ער איר אַ קוש געטון אין שטערן אַריין.

— איז דער טאַטעשי מיר מוחל? — האָט זי אים שוין געקושט אין פּנים אַריין, איינגענורעט איר קאָפּ אינעם פאָטערס באָרד און אים באַנעצט מיט אירע טרערן.

— כ׳בין דיר מוחל, מוחל! זאָלסט בשלום איבערקומען די נסיעה — האָט ער געוואָלט אָנטון די קאַפּאָטע — קום, איך וועל דיך אַראָפּבאַגלייטן פון די שטיגן.

— מען וואַרט אויף מיר הינטער דער טיר — האָט זי געזאָגט מיט אַ באַהאַלטענעם מיין און אַריינגעקוקט דעם פאָטער טיפער אין די אויגן אַריין — ער, מיין מאַן, שטייט דאָרטן די גאַנצע צייט...

— אויב אַזוי, — האָט ער צוריק אַוועקגעלייגט די קאַפּאָטע אויף דער שטול — גיי זשע דיר געזונטערהייט און דער אויבערשטער זאָל דיך באַשירמען אויפן ווייטן וועג איבערן ים!...

מאַשע האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ. זי האָט זיך צום לעצטן מאָל איינגעקוקט אינעם פאָטער און צוגעגאַנגען צו דער טיר. זי האָט נאָך אַ ווײַלע אָפּגעשטעלט אויף דער שוועל, איינגעביסן די ליפּן זי זאָל זיך עפּעס נישט צעשרייען און אַרויס פון צימער אויף אייביק.

דער אַלטער גבריאל האָט זיך איינגעהערט. ערשט איצט נעמט ער אין זיך איין די לעצטע טריט פון זיין טאָכטער, וואָס נידערט אויף אייביק אַוועק פון אים, פונקט ווי אַלע פאַר איר... און אַז דער לעצטער שאָרך ווערט אַנטשטילט, דערנענטערט ער זיך צוריק צום קאַמאַד, דאָרט וווּ עס איז צוריק געשטאַנען דער קרישטאָלענער טורעם, וואָס מאַשע האָט צוריק אַוועקגעשטעלט.

אַ לאַנגע ווײַלע שפּיגלט זיך דער אַלטער גבריאל אינעם בלויען קרישטאָל. דער טאַטע אין אים הויבט ערשט איצט אָן אויפזידן. שוין זשע, נאָר צוליב אַ שטיק גלאָז האָט ער זיך געזעגנט אויף אייביק מיט זיין

טאָכטער? ערשט איצט פילט ער ווי עס פאַרנעפּלען זיך אים די אויגן און עס שטיקט אים אין האַלדז. ער רוקט זיך צו אויפן אָרט צום קאַמאָד, אויפן זעלבן אָרט ווי מאַשע איז נאָר וואָס געשטאַנען. אַ לאַנגע ווײַלע נאָך באַטראַכט ער די קרישטאָלענע פלאַש. דערנאָך האָט ער לאַנגזאַם און פאַוואָליע אויפגעהויבן די פלאַש אין דער הויך, אָט, גענוי, ווי מיט מינוטן פריער האָט דאָס געטון זײַן ייִנגסטע טאָכטער, מאַשע; אַ ווײַלע נאָך געהאַלטן די פלאַש נאָענט ביים סופיט, אָנגענומען זיך מיט כוח — האָט ער אַ ווילדן שליידער געטון דעם קרישטאָלענעם טורעם אויפן פאָל. אין דער שטילקייט פון דער נאַכט האָט עס אַ קנאַל געטון ווי אַ דונער; עס האָט געדויערט בלויז אַ רגע, און די קרישטאָלענע פלאַש איז צע־שאָטן געוואָרן אין קליינע פּיצינקע שטיקלעך, צעשמעטערט און צע־שטויבט.

ביים אַלטן גבריאלס פיס האָבן זיך געוואַלגערט און צעפינקלט צע־בראָכענע רעגנבויגנס, צעבראָכענע זונען, לבנהס און שטערן. אַ צעבראָ־כענע וועלט האָט זיך געוואַלגערט ביי זײַנע פיס. ערגעץ ווו, אונטן אויפן הויף, האָבן מענטשן צעעפנט טירן און פענצטער — קיינער האָט נישט משער געווען פון וואַנען דער קלאַפּ איז געקומען.

און דער אַלטער גבריאל איז געשטאַנען צווישן ברוכוואַרג און גע־כליפּעט. פון זײַנע אויגן האָבן גערונען טרערן — ס׳לעצטע ביסל נישט אויסגעוויינטע טרערן...

# מחילה

אין אָנגעשפּארטער מיטן קאָפּ אין די אייזערנע פּאָרענטשעס פונעם לאנגן
און ברייטן באַלקאָן, איז געזעסן ר' הערשל דער קאָמאַשנמאַכער,
וועמען די גאַנצע וועלט האָט גערופן „הערשל זעלנער", און געגאַפּט צום
„זאַקסישן גאָרטן", וואָס איז אין פריעם האַרבסט בראַנדיק געוואָרן,
געפּאַרבט זיך ווי אַ גאָלדיק־קופּערנעם וואָלקן, — צעלייגט און געלעגערט
אינעם סאַמע האַרץ פון וואַרשע, — פונעם „אייזערנעם טויער" ביז צו
דער „סאַבאָר"־צערקווע, אַ שפּאַן בלויז פון דער „אַלט־שטאָט", כמעט
ביים ברעג פונעם ווייסל־טייך; ערשט מיט געציילטע טעג צוריק, זענען
נאָך דיביימער געווען טונקל־גרין, געשמעקט מיט פייכטער פרישקייט,
מיט זומער־טוי, און היינט, איצט — פון שעה צו שעה, — ווייעט מיט
ריחות פון געטרוקנטע בלעטער, פון איבערגעברענטער קאָרע, פון בערג־
לעך אָפּגעקאָסעט גראָז... און אין געציילטע טעג מסתמא, וועלן אַלע
צווייגן פון די ביימער בלייבן נאקעטע, פארשטאַרטע, טויט געוואָרענע;
מען וועט קענען פון וויטן איבערציילן די שטאַמען, די צווייגן, דער ווינ־
טער וועט אָנקומען, אָניאָגן...

ר' הערשל האָט פאַרזשמורעט די אויגן און זיך אויפגעשטעלט.
אַ בייסונג איז אים באַפאַלן אין קאָפּ, אין פנים. ער האָט זיך אָנגע־
הויבן קראַצן אונטערן קאַפּל, אין דער ברייטער, שוואַרצער מיט
ווייסע פעדעם געשטרייפטער באָרד; ער האָט זיך אָפּגעשאָקלט פונעם
בייסעניש און געבליבן שטיין ווי אַ פאַרשטאַרטער אין זיין ריזיק גבורה־
דיקער גרויס; פון יענער צייט אָן וואָס זיין שוידערלעכע אומהיילבאַרע

מויל־און־האַלדז מחלה האָט זיך אין אים באַזעצט, איז ער גאָר ברייטער געוואָרן, לענגער געוואָרן. דאָס פּנים און קאַרק געשווילעכץ איז גע־וואַקסן. געיוירן אין אים ווי היוון אין טייג; און צוזאַמען מיט דער קראַנקהייט איז מיטגעוואַקסן זיין אויסטערליש געענדערט אויסזען, וואָס האָט אָפּגעשטויסן און געשראָקן און געוואָרפן אַ פּחד אויף מענטשן; נאָענטע און פרעמדע האָבן מיט אימה פון אים געווייכט און אויסגעמיטן. מען האָט זיך פאַר אים געשראָקן ווי פאַר אַ קראַנקן און צערייצטן ריז... און פונקט ווי אַמאָל, אַמאָל, האָט זיין גבורה געלאָקט און צוגעצויגן צו אים פריינט און גוטע ברידער — האָט מען אים איצט געהאַלטן פון וויטן, געקוקט אויף אים מיט צער און מורא...

ר׳ הערשל זעלנער האָט געצאַנקט און איז איינגעגאַנגען פון חודש צו חודש און פון טאָג צו טאָג. מיט צוויי יאָר צוריק האָט ער אויפגעגעבן דעם שוסטער־וואַרשטאַט, אָפּגעזאָגט די געזעלן, אַהיימגעשיקט די לערן־יונגען; דער וואַרשטאַט האָט אָנגעהויבן פוסטעווען: שטויסן מיט לעדער־פעלן האָבן געשימלט, די מאַשינען האָבן געזשאַווערט; אויף די זעקס גרויסע פענצטער, וואָס דריי האָבן פונעם פראָנט־ראָג אַרויסגעקוקט צו די „מיראָווסקי״־האַלעס, און די אַנדערע דריי פענצטער וואָס האָבן אַרויס־געבליקט צום „גאָשטשינני דוור״, צו דער „גנאָינעוו־גאַס״, — זענען אַלע שויבן פאַרצויגן געוואָרן מיט שפּינוועבס און שטויב; קיין לעבעדיקע נשמה האָט אין וואַרשטאַט נישט אַריינגעשמעקט. שדים האָבן דאָרט אַרומגעוויוועט...

פעסעלע, ר׳ הערשל זעלנערס ווייב, האָט פאַרקויפט איר צירונג. אויסגעבייטן אויף דער בערזע עטלעכע צאַרסקע רענדלעך, וואָס הערשל האָט אָפּגעשפּאָרט פון זיינע אַמאַליקע, לאַנג־פאַרלאָפענע יאָרן, ווען ער האָט געדינט דעם צאַר און נושא־חן געווען ביי די אָפיצירן פונעם פּאָלק פאַר זיין גבורה און אַרבעטסזאַמקייט אינעם רימער־וואַרשטאַט; פון די זעלנערישע יאָרן איז אים טאַקע געבליבן דער צונאָמען „הערשל זעלנער״. פעסעלע האָט אים פאַרשלעפּט אַזש קיין וויען, צו די גרעסטע פּראָפעסאָרן. הערשל זעלנער האָט זיך געלאָזן פירן פון איר, ווי אַ גרויס קראַנק קינד פון אַ געטרייער מאַמען... ער, הערשל, האָט שוין געוווסט אַז ס׳איז אומ־זיסט דאָס שלעפּן זיך. דער גזר איז שוין אויסגעגאָסן אויף זיין קאָפּ! קיינער האָט נישט געקענט העלפן. אַ פּראָפעסאָר, אַ גרויסער דאָקטאָר

האָט זיך מיט אים געזעגנט און געזאָגט: „גאָט קען העלפן. ער וואָלט געקענט!"

פּעסעלע האָט אים צוריקגעפירט קיין וואַרשע. גאַנצע טעג זיצט ער אויפן באַלקאָן און זאָגט אַמאָל אַ קאַפּיטל תהילים. פּעסעלע גייט אַרום מיט פאַרוויינטע אויגן. פון טאָג־צו־טאָג ווערט זי מער צעחושט און געדענקט נישט מער פון דאַנען ביז אַהין... זי שמייעט אַרום אַ גאַנצן טאָג און אַלע ווײַלע בלײַבט זי שטיין און פרעגט זיך אַליין: ווהין האָט זי געוואָלט גיין און וואָס האָט זי געוואָלט טון?...

און הערשל זעלנער האָט זייער אָפט אַריינגעווײנט און אַריינגערעוועט אין תהילים אַריין, אַריינגעהעשעט אין די פּאַר אים נישט פאַרשטענדלעכע ווערטער, זײַנע אָפּגעהאַקטע, פונעם האַרצן אַרויסגעפּאַלענע רייד, אַז ס'וועט אפילו אַ קדיש נישט בלײַבן, קיין קינד און קיין רינד... און צו וואָס האָט ער דאָס אַזוי אַרומגעאַרבעט און אײַנגעריסן אַ וועלט? צו וואָס זיך געקריגט מיט סוחרים? צו וואָס געפּאַטשט שטרײַקער, געשלאָגן לערן־ייִנגלעך, געפירט אַ גאַנצע שוואַרצע מלוכה, צו וואָס?... — האָט ער אַריינגעיאָמערט אין תהילים אַריין, אויסגעפּלעקט יעדעס בלעטל מיט גרויסע אַראָפּגעקאַפּעטע טרערן. און די תהילים בלעטלעך זענען מיט יעדן טאָג געלער געוואָרן, געפּלעקטער און אָפּגעבליאַקעוועטע...

אונטן, אויף דער גאַס, אין די האַלעס, אין „יאַנאַשעס־הויף", פאַרן „אײַזערנעם טויער" האָבן אין אייביקן וואָכעדיקן גאַנג פון די טעג, זיך געדרענגט דער מענטשן־שטראָם, געאײַלט, געטאָפּטשעט, געשטופּט זיך און געשטויסן; פון אַלע זײַטן האָט געררוישט מיט מענטשן־קולות און געשרייען: עופות האָבן געפּילדערט, הענער האָבן געקרייעט און אינדיקעס האָבן זיך געגוידערט; פון די סטראַגאַנעס און געוועלבער האָבן אַרויסגעשמעקט בערגער מיט אויבסטן, קופּעס מיט גרינוואַרג; קליאַטקעס מיט לעבעדיקע הינער און גענדז האָבן זיך געהויבן, זיך איבערגעטראָגן פון אָרט צו אָרט; מענטשן האָבן געקאָלערט פּעסער מיט הערינג, געשלעפּט קולקעס מיט פיש, לאַנגע קאַסטנס מיט אייער האָבן זיך געוויגט אויף ברייטע גבורהדיקע טרעגער־פּלייצעס; טראַמווייען האָבן געקלונגען, הינט האָבן געבילט און פערדן זענען אומגעפלויגן, אַנגעיאָגטע פונעם שעכט־הויז, פון די יאַטקעס.

אויף דער שוועל פונעם באַלקאָן האָט זיך באַוויזן פּעסעלע, אַ גע־

עלטערטע, אַן איינגעהויקערטע, אַן איינגעשרומפּענע; דאָס בלאָנדע שייטל וואָס האָט איר אַמאָל צוגעגעבן אַ סך חן, איז איר היינט אַריבערגעפאַלן איבערן שטערן, מיט עטלעכע יאָרן צוריק האָט זי אויסגעזעען ווי דעם מאַנס טאָכטער און איצט האָט זי אויסגעזעען ווי דעם מאַנס אַ שוויגער. זי איז געווען מיט אַ צענדליק יאָרן יונגער פון הערשל זעלנער. אַמאָל מיט אפשר דרייסיק יאָרן צוריק, ווען איר הערשל איז געווען דער שענ־סטער זעלנער פון דער גאַנצער קאַזאַרמע סאָלדאַטן, האָבן זיך אַרום אים אַרומגעדרייט אַ טוץ מיידן, הויכע און שלאַנקע, איינע שענער פון דער צווייטער; און כאָטש זי, פעסעלע, איז געווען אַ קליינגעוואַקסענע, אַ דאַ־רע, האָט זיך הערשל פאַר איר ס׳לעבן געגומען! איצט, אַז הערשל איז פאַרביי, איז שוין פון איר געוואָרן אַ העלפט...

— וועסט אפשר עפּעס נעמען אין מויל אַריין, אונטערלענען ס׳האַרץ? — פרעגט זי מיט געבעט.

— ס׳וועט מיר נישט קריכן אין האַלדז אַריין, כ׳האָב נישט קיין אַפּעטיט — ענטפערט ער מיטן הייזעריקן געדעמפטן קול.

— נעם זשע דיך אין די הענט אַריין, הערשל — זאָגט זי מיט האַרץ — העלף נישט צו דעם מלאך־המות... — צעפייכטן זיך אירע אויגן מיט ליבשאַפט און געטריישאַפט.

— נו, מילא, קענסט ברענגען אַ גלעזל טיי — שפּיצט ער אָן דאָס געהער — דוכט זיך, ס׳איז ווער אַריינגעקומען אין שטוב אַריין. כאַפּ נאָר אַ קוק.

— טאַקע, מען קלאַפּט אין דער טיר — איז זי אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין.

הערשל זעלנער בלייבט זיצן אַ גלייכגילטיקער. ער פאַרזשמורעט די אויגן און הויבט זיך אָן רייבן דעם שטערן, ווי ער וואָלט זיך וואָס געוואָלט דערמאָנען. אַז ער האָט צוריק אויפגעמאַכט די אויגן, איז שוין פעסעלע ווידער געשטאַנען נעבן אים און הינטער איר איז געשטאַנען אַ יונג בחורל פון אַ יאָר פופצן־זעכצן, מיט אַ היטל אַן ענג געוואָרנס, פון דער גרויסער אָנגעוואַקסענער טשופּרינע.

— וואָס טוסטו דאָ? — שטעלט אויף אים אָן הערשל זעלנער אַ פּאָר אויגן און קוקט אויף אים זייטיק — וואָס ווילסטו זאָגן גוטס, בערטשיקל?

פעסעלע פאַלט אַריין אין די רייד:

— וואָס זאָגסטו נישט צו אים? ער קומט דאָך זיך געזעגענען! ער פאָרט דאָך קיין אַמעריקע! אַט געווען אַ קינד — און שוין! געדענקסט, הערשל, ווי כ׳פלעג אים צוכאַפּן פון דער מאַמען, אים אַרויפּברענגען אין שטוב אַריין, אַריינוואַליען צו מיר אין בעט אַריין, זיך שפּילן מיט אים, מען זאָל אים נישט צעטרעטן צווישן די קוישן... געדענקסט, הערשל? — פאַרלייגט זי די הענט אויפן פאַרטעך.

בערטשיק פאַררויטלט זיך אַ פאַרשעמטער. ער איז דער עלטסטער זון פון די שכנים, וואָס האָבן אונטן, אויף דער גאַס, ממש אונטער הערשל זעלנערס באַלקאָן, אַ סטראַגאַן פון אויבס; אַז בערטשיק איז אַלט געוואָרן דרייצן יאָר, האָט אים דער טאַטע אַרויפגעבראַכט צו הערשל זעלנער פאַר אַ לערניינגל. אַז דאָס בחורל האָט אָפּגעאַרבעט אַ פּאָר חדשים, אפשר אַ האַלב יאָר, האָט אים פּלוצים דער באַלעבאָס אַרויסגענומען דאָס הע־מערל פון די הענט און צו אים אַזוי געזאָגט: „ס׳וועט שוין פון דיר אַזוי ווערן אַ קאָמאַשנמאַכער, ווי פון מיר זאָל ווערן אַ דאָקטער... אַ שאָד די צייט. זוך עפּעס אַנדערש...״ עטלעכע יאָר זענען שוין אַוועק, ס׳בחורל האָט שוין געלערנט אַן אַנדער מלאכה, און איצט פאָרט ער גאָר אינגאַנצן אַוועק „אין דער וועלט אַריין״, — איז ער געקומען זיך געזעגענען מיט די אַלטע באַקאַנטע, וואָס האָבן אַמאָל אין אים אויסגעלאָדן זייער ליב־שאַפט צו קינדער, וואָס איז זיי נישט באַשערט געווען צו האָבן...

— נעמסטו טאַקע ס׳פּעקל אונטערן אָרעם, האַ? — פאַרלייגט הערשל זעלנער אַ פוס אויף אַ פוס — קענסטו אַמאָל דאָרטן טאַפּן אַ וואַנט, האַ? — ווייזט ער מיט אַ פינגער צום זאַקסישן גאָרטן — האָסט זיך גוט באַרעכנט?

בערטשיק שווייגט און בויגט אָן דעם קאָפּ. פעסעלע צענעמט די הענט:

— כ׳פאַרשטיי נישט ווי אַזוי דיין מאַמע לאָזט דיך, אַזאַ צוציק, אין דער וויטער וועלט אַריין — קען זי נישט פאַרשטיין.

— זאָל ער פאָרן. זאָל ער זיך אויסטרעטן אַ וועג — זאָגט דער מאַן — וואָס פאַראַ תכלית קען היינט אַזאַ בחורל האָבן אין אונדזער מדינה, ביים פּאָליאַק?... זאָל ער פאָרן אין אַ גוטער שעה! — זאָגט ער אַן אויפ־געלעבטער אויף אַ ווײַלע, אַ פאַרגעסענער אין זיין אייגן אומגליק.

— אָבער ר׳האָט דאָך נאָך דער מאַמעס מילך אויף די ליפּן. —

באַקומט פעסעלע קאַלירן אין פּנים — בערטשיקל, וועסט אפשר מיט אונדז טרינקען אַ גלעזל טיי? — כאַפּט זי אים אָן ביים אָרעם.

— אַ שיינעם דאַנק, ניין. איך האָב נאָך אַ סך זאַכן צו טון. — וויל בערטשיק זיך געזעגענען.

הערשל זעלנער האָט אים צוגערוקט אַ בענקל און אים אַ ציי געטון צו זיך:

— זעץ דיך, אייל זיך נישט, וועסט גאָרנישט פאַרשפּעטיקן. אין דער וועלט וועסטו ווערן אַ מענטש און וועסט קענען אַרויסהעלפן טאַטע־מאַמע... איז ווו זשע פאָרסטו דאָס?

בערטשיק האָט זיך אַוועקגעזעצט, געקוקט ווייט פאַר זיך און גע־ענטפערט:

— כ'פאָר קיין אַרגענטינע, קיין בוענאָס איירעס; כ'האָב דאָרטן אַ פעטער. ער האָט דאָס מיר געשיקט אַ שיפסקאַרטע. דער פעטער שרייבט, אַז כ'וועל דאָרטן נישט פאַרפאַלן גיין.

— קיין בינעסיירעס? — האָט זיך הערשל זעלנער אַ דריי געטון אויף דער שטול — כ'וועל דיר טאַקע מיטגעבן אַ גרוס. נאָר זאָלסט מיר צוזאָגן אַז וועסט טאַקע אָפּגעבן.

— אוודאי, וואָס הייסט, אדרבא... — לייגט בערטשיק אַרויף די האַנט אויף דער ברוסט.

— הערסט, בערטשיקל? — האָט הערשל זעלנער אַרויפגעלייגט אַ ריזיקע האַנט צום בחורל אויף דער פּלייצע און אָנגעהויבן דערציילן מיטן קראַנקן דורכגעפרעסענעם קול:

— מיט אַ פּופצן יאָרן צוריק האָט ביי מיר געאַרבעט אַ לערניינגל: „דער שיינער וואָלף" האָט מען אים גערופן; און ער איז טאַקע געווען אַ שיינער, נאָר זיך צו פאַרליבן אין אים: אַ הויכער, אַ בלאָנדער, מיט אַ פּאָר בלויע שליפעס, ווי צוויי שיינע שטערן.. מיינע דינסטן פלעגן זיך פאַר אים ס'לעבן נעמען... ער האָט געהאַט אַ פּאָר גאָלדענע הענט...

הערשל זעלנער האָט אָפּגעהאַקט. געלאָזט דעם קראַנקן האַלדז אַביסל אָפּרוען און ווייטער דערציילט:

— אַמאָל איז נישט געווען ווי היינט: מען האָט געאַרבעט פון פאַר־טאָג ביז שפּעט אין דער נאַכט אַריין. מען האָט געאַרבעט ווי די בעלגישע פערד פאַרן שטיקל טרוקענעם ברויט. דעמאָלט איז געווען אין דער מאָ־

דע, אז די געזעלן־יונגען האָבן געפּייניקט די יינגלעך: אַרומגעשיקט, גע־געבן קלעפּ, באַליידיקט... מילא, ס'זאָל זיי גאָרנישט גערעכנט ווערן פון גאָט... הערסט?

— יאָ, — האָט בערטשיק אַראָפּגעקוקט צום „אייזערנעם טויער", וואָס האָט זיך געשפּרייט פאַר די אויגן און געפילט, אַז ס'איז צום לעצטן מאָל אין זיין לעבן, וואָס ער זעט פון דער הויך דאָס שטיקל ערד אויף וועלכן ער איז געבוירן און דערצויגן געוואָרן, און אַ שאַרפער ווייטיק פון בענקשאַפט האָט אים שוין באַצייטנס אָנגעהויבן פייניקן — גאַפּעט ער און רייסט נישט אַוועק די בליקן — יאָ, כ'הער, ר' הערשל.

— און איך, דער רשע מרושע, מיינסטו כ'בין בעסער געווען פון מיינע געזעלן־יונגען? — ס'הויבט זיך נישט אָן! — האָט ער זיך אַ פּראַסקע געטון אין די קניען אַריין — איך בין געווען נאָך ערגער פון זיי: כ'האָב נישט געהאַט קיין יאַנדעס, קיין יידיש האַרץ...

דאָס ווייב האָט זיך צוגעשאַרט צום מאַן, אים אַ שטורכע געטון אין דער זייט און אים אַריינגעפּאַלן אין דער רייד:

— שוין, מ'האָט שוין טויזנט מאָל געהערט די מעשה. זאָל שוין זיין גענוג! האָב שוין אַליין אויף דיר אביסל רחמנות... — האָט איר געערגערט דעם מאַנס דערציילן.

דער מאַן האָט איר אָפּגעשטופּט פון זיך אַ בייז געוואָרענער:

— גיי שוין, גיי! — האָט ער איר דורכגעבויערט מיטן בליק.

פעסעלע האָט זיך דערשראָקן, אָפּגערוקט זיך פונעם מאַן און הערשל זעלנער האָט ווייטער דערציילט:

— איינמאָל, — ס'איז געווען ווינטער צייט, — בין איך אַהיימגע־קומען פאַרטאָג פון אַ חתונה. כ'האָב אויפגעוועקט דעם שיינעם וואָלפן, כ'האָב אים ממש אַראָפּגעשלעפּט פונעם געלעגער און אים אַריינגעשיקט צו מיר אין שלאָף־צימער, ער זאָל מיר אַפּערנעמען די שטעק־שיך פון אונטערן בעט: דער שיינער וואָלף האָט זיך אַ פאַרשלאָפענער געשויבערט, געקראַצט זיך, און ער איז אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־צימער אַריין. איך זיץ אין עס־צימער און וואַרט. עס גייען אַוועק אַ פּאָר מינוט — ער איז נישטאָ צוריק! כ'וואַרט נאָך אַביסל — ער קומט נישט מיט די שטעק־שיך... כ'גיי אַריין אין שלאָף־צימער אַריין — קיינער איז דאָרטן נישטאָ! וואָלף איז ערגעץ פאַרשווונדן געוואָרן. כ'נעם אים אַרומזוכן איבער אַלע

צימערן, איבער דעם גאַנצן הויז — ער איז אַוועקגעקומען!... — כ׳בין אַריינגעפאַלן אין כעס און געמאַכט אַ געוואַלד. כ׳האָב אויפגעוועקט די גאַנצע שטוב און מען האָט געמאַכט אַ נאַכט־וואַך: מען האָט אָנגעהויבן זוכן דעם יונג אין אַלע ווינקעלעך און מען האָט אים נישט געקענט געפינען. ס׳איז אַוועק אַ שעה און — ביז אַ לערניינגל איז איינגעפאַלן אַרונטערצוקריכן אונטערן בעט — און, טאַקע דאָרטן אונטערן בעט איז ער געליגן דער שיינער וואָלף: געפּאָפּן ווי אַ געהרגעטער; ער איז דאָרטן אַנטשלאָפן געוואָרן ביים אָפּערנעמען מיינע שטעק־שיך...

— טאַקע! — האָט זיך בערטשיק צעשמייכלט, געמיינט אַז מען גייט אים דערציילן אַ פריילעכע מעשה.

— הער־זשע, וואָס עס האָט ווייטער פּאַסירט: — האָט הערשל זעלנער זיך נאָך נענטער צוגעבויגן צום בחור׳ל און זיין קראַנק קול האָט געציטערט מיט פּיין און חרטה — מען האָט וואָלפן ביי אַ פוס אַרויס־געצויגן פון אונטערן בעט. כ׳בין געוואָרן אַזוי אויפגעקאָכט, אַז איך האָב אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש אַזוי שלאָפנדיקערהייט, אַז — — — אַז ער האָט זיך נעבעך באַגאָסן מיט בלוט... ער, דער שיינער וואָלף, האָט זיך אויפגעשטעלט אַ צעחושטער. ער האָט זיך באַלד אויסגעניכטערט, מיך אָנגעקוקט אַ רגעלע מיטן אויסגעשמירטן בלוט אויפן פּנים און געזאָגט: „כ׳וועל בעסער, ר׳ הערשל, — כ׳וועל בעסער, באַלעבאָס, שטאַרבן פאַר הונגער, נאָר ביי אייך וועל איך מער נישט אַרבעטן, אפילו מען זאָל מיך אָפּגילטן!“ — און אין מיטן דער נאַכט איז ער אַוועק פון מיין שטוב.

בערטשיק האָט אַ שוידער געטון און זיך אָפּגערוקט אַביסעלע פון הערשל זעלנער.

הערשל זעלנער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף דער ברוסט. זיין ברייטע באָרד האָט זיך צעלייגט ווי אַ פאַנצער און ער האָט ווייטער גע־מורמלט:

— נאָך דער מעשה האָט זיך שוין מיין האַנט נישט געהויבן אויף קיינעם נישט!... כ׳האָב געבעטן צום אויבערשטן ער זאָל מיר מוחל זיין... כ׳האָב אָבער שטענדיק געפילט, אַז גאָט אין הימל האָט מיר נישט מוחל געווען... אָט זע מיין סוף: אַ ראַק אין מויל! מיטן מויל האָב איך נאָך מער געזינדיקט ווי מיט די הענט... — האָט ער אויסגעשטרעקט צו בער־

טשיקן די הענט — כ׳האָב געהאַט אַ געמיין מויל. גאָט ווייסט וואָס ער טוט! זעסט! — האָט ער אים דורכגענומען מיט זיינע חרטה־בליקן.

בערטשיק האָט אָפּגעווענדט זיין בליק, געוואָלט צום דערציילן זאָל נעמען אַ סוף. הערשל זעלנער האָט שוין געהאַלטן ביים ענדיקן די מעשה:

— כ׳האָב מיך נאָכגעפרעגט וועגן שיינעם וואָלף: ער איז געוואָרן אַ גוטער בעל־מלאכה און פאַרדינט אַ סך געלט. ער האָט שפּעטער מיט יאָרן געטון אַ גוטן שידוך. דערנאָך איז ער מיט זיין פרוי אַוועקגעפאָרן קיין בינעסיירעס. ער האָט נישט געוואָלט בלייבן מיטן פּאַליאַק. אַז דו וועסט זיך נאָכפרעגן וועגן אים וועסטו אים געפינען. כ׳האָב אָפּגענומען פון אים אַ גרוס אַז ער האָט דאָרטן אַ גרויסע פאַבריק. זאָלסט אים זאָגן, אַז הערשל זעלנער לאָזט אים גריסן, אַז הערשל זעלנער בעט ביי אים מחילה!... זאָלסט אים זאָגן, אַז דער אויבערשטער האָט מיך שוין גענוג געשטראָפט און ער זאָל מיר מוחל זיין און נישט טראָגן אויף מיר קיין האַס. וועסט געדענקען וואָס צו זאָגן? למען השם זאָלסט געדענקען!

— יאָ, — האָט בערטשיק פאַרזיכערט — יאָ, איך וועל אים שוין זוכן און ויסן וואָס צו זאָגן.

פעסעלע, וואָס איז אויף אַ ווײלע פאַרשוואונדן, איז צוריק אַרויס אויפן באַלקאָן מיט א טעלער אָפּגעוואַשענע רויטע וויינפּערלעך. בערטשיק האָט זיך געכאַפּט, אַז ס׳איז שוין שפּעט, ער מוז שוין גיין. ער האָט אויס־געשטרעקט די האַנט צו הערשל זעלנער:

— ר׳ הערשל, ר׳ הערשל, איר זאָלט ווערן געזונט און — האָט ער זיך געריוּטלט און נישט געוווסט וואָס נאָך צו ווינטשן.

— פאָר געזונטערהייט, בערטשיקל — איז הערשל זעלנער אויפגעשטאַנען און אַרומגעקלאַמערט בערטשיקן מיט ביידע הענט, איינגעהויקערט זיך און אָנגעהויבן אים קושן אין שטערן אַריין, אין היטל אַריין, און געבעטן:

— פאַרגעס נישט קיינמאָל אַז דו ביסט אַ ייד... זאָלסט אויפזוכן דעם שיינעם וואָלף און אים איבערגעבן, וואָס כ׳האָב דיר אָנגעזאָגט! זאָלסט אים בעטן ער זאָל מיר מוחל זיין, אים דערציילן אַז ער, אין הימל, האָט מיך שוין גענוג געשטראָפט... באַצאָלט מיר ס׳מייניקע, וואָס כ׳האָב כשר פאַרדינט... למען השם!

הערשל זעלנער האָט געציטערט, געכליפּעט און געדעוועט; אויפן באַלקאָן איז געשטאַנען אַ ריזיקער באַרג פון בלוט און פלייש אָנגעלענט אין אַ שוואַך איבערגעשראָקן בחורל און אויסגעוויינט צום הימל זיין בראָך, אויסגערעוועט דאָס ביסל מענטשלעכע אומבאַהאָלפנקייט און נאָס געמאַכט בערטשיקס באַקן מיט בריענדיקע טרערן. און הינטער זיי איז געשטאַנען פּעסעלע מיטן טעלער רויטע וויינפּערלעך אין די הענט און אַ צעהושטשע געוואַרט, אַז עמיצער זאָל אויסשטרעקן די האַנט צו איר, צום טעלער, עמיצער זאָל זיך אונטערלענען ס׳האַרץ, זיך מחיה זיין...

געהייליקט דעם אָנדענק פון מײַן מאַמען

## אסתר

אַן איבערגעבליבענע אין געטאָ פון וואַר־
שע מיט מיינע דרײַ ברידער און צוויי
שוועסטער און איז דורך די דייטשע
רוצחים אומגעבראַכט געוואָרן צוזאַמען
מיט אירע זין טעכטער שנירן איידעם
און אייניקלעך און זייער געביין איז אין
ערגעץ נישט באַערדיקט געוואָרן און
זייער בלוט און טרערן האָט אָנגעטרונקען
פוילנס ערד

# משהס טויט*)

ס'איז געווען האַלבע נאַכט. ווען משה האָט זיך אויפגעכאַפּט פון זיין שלאָף. ער האָט זיך געגעבן אַ האַסטיקן הויב־אויף און געבליבן זיצן ווי אַ פאַרשטאַרטער. עס איז אים געווען שרעקלעך שווער אויפן האַרץ און ער האָט געשפּירט אַ שטיקנדיקע, אומגעזעענע ענגשאַפט אַרום זיך ווי אַן איינגעשלאָסענער אין אַן אייזערנער רייף; די פינצטערניש וואָס האָט אָנגעפולט דאָס דריי־עקעדיק, פּיראַמיד־אַרטיק געצעלט, האָט אים געדריקט און שווער געמאַכט, און דאָס קילע מדבר־ווינטל, וואָס האָט לייכט געשטראָמט דורך די גראָב־געוועבטע לייווגט־פאָרהאַנגען, האָט אים באַבלאָזן און באַהויכט, ווי דער אָטעם פון אַ מענטשן, וואָס געפינט זיך זייער נאָענט; נאָר משהן האָט גאָר אויסגעוויזן, אַז דאָס באַהויכן אים און אָטעמען אַריין גלייך אין זיין פּנים אַריין, — פון דער געדיכטער פינצטערניש אַרויס — זיינע ברידער, די געוועזענע קנעכט פון מצרים; רינגלען זיי אים אַרום ווי אַ רייף, באַהויכן אים מיט זייערע הייסע אָטעמס און יאָגן אָן אויף אים אַ שרעקלעך ברענענדיקע היץ...

משה האָט אַראָפּגעצויגן פונעם געלעגער זיינע נאַקעטע פיס אויף דער ערד אַראָפּ. ער האָט געוואָלט אָפּקילן זיינע פּיאַטעס אינעם זאַמד, וואָס ווערט קיל ווען עס פאַלט צו די נאַכט; נאָר אונטער זיינע פיס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אַ פעל פון אַ לייב, פון וועלכן עס האָט שטענדיק געיאָגט אַ וואַרעמקייט — האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַ גענעץ־געטון

*) די דערציילונג „משהס טויט” איז געוואָרן פאַרעפנטלעכט אין „די פּרעסע” פון בוענאָס איירעס, זונטיק דעם 14טן אַפּריל 1935.

צו די טיר־פּאָרהאַנגען. ער האָט מיט די הענט צעשאַרט די געוועבטע לײַן־פּלאַכטעס און באַלד איז ער שטיין געבליבן אינדרויסן פאַר דער שוועל פון זײַן געצעלט.

אַ ליכטיקער מיטן־נאַכט מיט גרויסע פינקלענדיקע שטערן האָבן זיך געשפּרייט אויפן ענדלאָזן הימל פון עק וועלט ביז עק וועלט, איי־בער משהס גרויען צעשויבערטן קאָפּ. משה האָט מיט שלאָף אין די אויגן געקוקט אין אַלע זײַטן: פונעם הימל האָבן אַראָפּגעשימערט גרויסע שטערן. א סך שטערן זענען גרעסער געווען ווי הינערשע אייער — האָבן זיי געפינקלט ווי ריזיקע ברילִיאַנטן, וואָס געפינען זיך באַהאַלטן אין די אונטערערדישע לאַבירינטן און שאַץ־קאַמערן פון פּרעהן — האָבן די שטערן געלויכטן מיט אַ צאַפּלדיק בלווילעך ליכט און באשיינט די גע־צעלטן, וואָס האָבן שכנותדיק־נאָענט איינס נעבן אנדערן, זיך אויסגע־שפּרייט און זיך אויסגערונדיקט ווי אַ מגושמדיקער שיס־בויגן, אַרויס־געשפּרייט און אַרויסגעצויגן פון דער מדבר אַרויס, ביז כמעט נאָענט נעבן די פּיס פון די בערג־פעלדזן, האָבן אין דער ליכטיקער נאַכט אויסגעזען ווי גרויע פאַרגליווערטע וואָלקנס, וואָס האָבן געלעגערט איבער דער וויסטעניש.

און פון דער מדבר האָט אַרויסגעוויייעט מיט טויטער אימהדיקער שטילקייט. פון די געצעלטן אַרויס האָט אַרויסגעהויכט מיט פּאַרזונקענעם מידן שלאָף. אַזאַ שלאָף איז נאָך קיינמאָל אויפן לאַגער נישט אַרויפגעפאַלן. עס האָבן געשטומט אין זייער דו מענטשן און בהמות. נאָר בלויז אין מזרח־צפון־זײַט, ווו עס האָבן זיך געקייטלט די בערג, וואָס האָבן אַרומ־געקייטלט און באַהיטן דאָס מואב־לאַנד, פון יענער זײַט האָט איצט געבלאָזן אַ געזאָלצן באַווירצטער ווינט, אַן אויסגעדעמפּטער פונעם ים־המלח; אָן צוריקהאַלט האָט דער ווינט זיך געיאָגט און געריסן, ווי ער וואָלט גע־וואָלט צוריקיאָגן און אומקערן דאָס געוועזענע שקלאַפן־פאָלק צוריק טיף אין דער מדבר אַריין, צוריק קיין מצרים...

משה האָט אויסגעדרייט זײַן פּנים קעגן ווינט. זײַן ווײַסע באָרד האָט זיך אַרומגעוויקלט אַרום זײַן האלדז ווי א זילבערנער שאַל, און זײַנע אויגן האָבן געברענט מיט שלאָפלאָזיקייט און פיבער. דער ווינט האָט אָנגעהויבן בלאָזן און ווייען אַלץ שטאַרקער, געיאָגט מיט קעלט און געשאָטן מיט דינעם זאמד. נאָר משהן האָט דער קאַלטער ווינט נישט

אָפּגעקילט. אַ שרעקלעכע היץ האָט גאָר וואָס אמאָל שטארקער אויפגע־ברענט אין אים. טראָפּנס שווייס האָבן אים אַרויסגעזעצט אויפן שטערן. ער האָט שנעל אָבער שטיל, ווי א לויערנדיקער לייב, אָנגעהויבן צו שפּרייזן צום שווארצן האָריזאָנט, צו די בערג. אים האָט זיך אויסגע־וויזן, אז דאָרט אין דער הויך וועט אים ווערן קילער און גערוימער. ער האָט שוין געוואָלט זיין וואָס שנעלער אין דער הויך און וואָס ווייטער פונעם לאַגער, פון די געצעלטן; ער האָט שוין געגלוסט וואָס גיכער און שנעלער אַרויפדראפּען און אַרויפקלעטערן אויף דער שווארצער וואָלקן־קייט; נאָר וואָס ווייטער ער איז אָפּגעגאנגען פון די געצעלטן, אלץ מער האָט זיך די בארגיקע וואָלקן־קייט, ווי אָפּגערוקט און דערווייטערט.

אַ רגע האָט זיך משה אָפּגעשטעלט. ער האָט מיט דער דלאָניע אָפּגע־ווישט דעם שווייס פון זיין שטערן. זיינע גרויסע און מעכטיקע הענט, ווי ביי א שטיינהאקער א גבור, זענען באלד נאס געוואָרן פון די אָפּגעווישטע שווייס־טראָפּנס; פון זיין אָפּגעדעקטער, האָריקער ברוסט, האָט געיאָגט א לייכטע פארע און ער האָט אויסגעזען ווי א מענטש, וואָס האָט זיך אָפּגע־טובלט אין ים און נישט אָפּגעטריקנט.

מיט אַן איינגעהאלטענעם שווערן און הייסן אָטעם איז משה געלאָפן פאָראויס און ווייטער אין דער שווארצער און שפּעטער נאכט אריין. ער האָט געוואָלט אַ זיפץ טון, אַ פּשוט מענטשלעכן זיפץ, נאָר ער האָט זיך איינגעהאלטן. ער האָט מורא געהאט, אז זיין זיפץ זאָל חס־וחלילה, עמיצן נישט אויפוועקן. ער האָט נישט געוואָלט, אז זיין פאָלק זאָל זיך אי־בערוועקן פון זיין טיפן, געשמאַקן נאַכט־שלאָף. ער האָט זיך איצט געפילט גליקלעך, וואָס ער איז אליין, איינער אליין, און וואָס אַלע שלאָפן. ער, וואָס האָט אַזוי שטארק ליב זיינע ברידער, זיין גאַנץ פאָלק, און במשך פון זיין גאַנץ לעבן האָט ער געשטרעבט צו זיין צוזאַמען מיט זיינע ברידער... נאָר אויב ער האָט אמאָל פארבראכט אַן איינזאמער, איינער אליין, פערציק טעג און פערציק נעכט אויפן בארג סיני, — פערציק טעג, ווו ער האָט זיך אַביסל אויסגערוט פון אייביקן זיין צוזאַמען מיט זיין פאָלק און זיינע ברידער — האָט ער דאָך שפּעטער געהאַט פון דעם אַ סך פּיין און צער... נאָר איצט, ווען עס האָבן שוין אפשר געשלאָגן זיינע לעצטע רגעס, מעג ער זיך פארגינען צו זיין אַליין. ווי גוט איז אמאָל פאַר אַ מענטש צו זיין אַליין!...

משה האָט זיך אומגעדרייט מיטן פּנים צו ז'ער זייט פון וואַנען ער איז געקומען און אָנגעשטעלט זיינע בליקן אויף צוריק. ער האָט זיך שוין געפונען ווייט פון די געצעלטן. פון ווייטן זענען די געצעלטן קלענער געוואָרן, נידעריקער געוואָרן, זענען זיי ווי איינגעזונקען אין די זאַמדן אַריין.

מיט אַ געזונקענעם קאָפּ אויף דער ברוסט, האָט משה אָנגעהויבן ווייטער צו גיין אַ טיף פאַרטראַכטער. אַביסל שפּעטער האָט ער נאָכאַמאָל געכאַפּט אַ בליק אויף צוריק, נאָר ער האָט שוין גאָרנישט געזען. ער האָט זיך אַ שטעל געטון אויף די שפּיצן פינגער, און פון אַלע זייטן האָט זיך נאָר געזען דער מיט שטערן באַלויכטענער, בערגלדיקער, טויט־פאַרגליווערטער, מיט זאַמד־כוואַליעס און זאַמד־טרעפּן צעשאָטענער מדבר.

פּלוצים, מיטאַמאָל, האָט דער מדבר־ווינט אָנגעהויבן בלאָזן מיט ווילדקייט און שגעון: די לופט איז געוואָרן פאַרנעפּלט און זאַמדיק. די שטערן האָבן זיך פאַרנעפּלט און פאַרוואָלקנט. זאַמד־רעדלעך האָבן זיך אָנגעהויבן ספּיראַלמעסיק צו דרייען. שטויב־וואָלקנס האָבן אומגעיאָגט אין אַלע זייטן, זיך אויפגעהויבן אין די לופטן און באַלד צעשאָטן געוואָרן אויף דער ערד, געבליבן ליגן אַ רגע און באַלד ווידער געוואָרפן געוואָרן אין דער לופטן. איטלעכעס שטויבעלע און זאַמדעלע איז אַריבערגעוואָרפן געוואָרן אויף אַן אַנדער אָרט. דער ווינט איז געוואָרן אַלץ ווילדער און שטורמישער, געוואָלט אויסקערן מיט איין מאָל דאָס גאַנצע זאַמד פון דער מדבר און נישט געקענט. זאַמד־בערגלעך האָבן אויסגעביטן זייערע מקומות, זיך איבערגעקערט און איבערגערוקט. טאָלן זענען פאַרשאָטן געוואָרן און פון הויכע בערגלעך זענען געוואָרן טיפע טאָלן. און פון אומעטום האָט דער ווינט אַרויסגעוואָיעט, געצישעט ווי מיליאָנען שיפּנדיקע שלאַנגען, געברומט ווי מחנות שאַקאַלן און גערוישט ווי אַ צעשטורעמטער ים.

אָן אָפּהאַלט, ווי אַ פעלדז אינמיטן ים, האָט משה אויסגעהאַלטן דעם מדבר־שטורעם. ער האָט ווייטער געשפּרייזט איבער זאַמדיקן געוויטער. זיינע נאַקעטע פיס האָבן אָפּגעזיגלט טיפע שפּורן אינעם זאַמד, נאָר דער שטורעם האָט זיי איינס נאָכן אַנדערן פאַרשאָטן און פאַרמעקט. דער משוגע געוואָרענער ווינט איז נאָכגעלאָפן נאָך משהן און באַשאָטן מיט זאַמד זיין פלייצע, און באַלד האָט דער ווינט אָנגעהויבן קלאַפּן קעגן זיין

פנים און געפּרוכעט מיט זאַמד אין די אויגן און אינעם מויל, זיך צוגע־קלעפּט צו משהס נאַקעטער ברוסט, אַריינגעשאָטן אין די אויגן אַריין.

די פּיס־טריט פון משהן האָבן זיך אָנגעהויבן צו פאַרקלענערן. דער ווינט האָט אים שוין געקערעוועט אין אַלע זייטן. אמאָל האָט אים דער ווינט געצוווּנגען צו גיין מיטן פּנים אין מזרח, אמאָל האָט ער אים אַ שטויס געטון צו דרום און אמאָל האָט ער אים אויסגעקערעוועט צוריק צו מערב; דאָס שטערן־ליכט איז שוין אינגאַנצן פאַרפינצטערט געוואָרן. משה האָט זיך אויסגעווישט די אויגן. ער האָט זיך איינגעקוקט אין דער ווייטקייט. ער האָט געוואָלט זען, ווו עס געפינען זיך די בערג, נאָר פאַר אים האָט זיך אויסגעשפּרייט אַ פלאַך־געוואָרענער מדבר. משה האָט אַ מידער אראָפּגעזעצט זיין שווערן מעכטיקן גוף אין זאַמד אַריין.

לאַנג איז משה געזעסן אַ געהויקערטער אינעם זאַמד. ער האָט אָנגע־בויגן דעם קאָפּ און אָנגעהויבן מיד צו דרימלען. ער האָט געטראַכט און גע־דרימלט. אינעם דרימל האָט ער זיך אָנגעהויבן וויגן. אינעם וויגן זיך האָט ער אויסגעוויגט אַ מטושטשן חלום: ער דרימלט שווימענדיק אין אַ שיפל אויפן טייך נילוס. ער טרינקט אַ קאַלט מחיהדיק געטראַנק אין שאָטן פון אַ פייגן־בוים, וואָס אין לאַנד מצרים; ער שפּאַצירט מיט אַ חבר אויף אַ וווּנדער־שיינער גאַס אין דער שטאָט רעמסס; ער רייט אויף אַ קעמל נעבן גרויסן פּיראַמיד אין מיצרישן מדבר און וווּנדערט זיך מיט התפּעלות: אַזוי גרויס! אַזוי מעכטיק!

אינמיטן דרימל האָט משה אַ צאַפּל־אויף געטון, ווי אַ מחנה פּוטער־בינען וואָלטן אים באַפאַלן: ער האָט זיך אויסגעריבן מיט אַ פויסט די אויגן און געריידט אין זיך אַליין, צו זיך אליין מיט כעס און חרפּה: „וואָס? מיר זאָל זיך חלומען מצרים?... איך, משה, זאָל אין חלום בענקען נאָך מצרים!... בענקען נאָך די, וואָס האָבן די עופּהלעך פון מיינע אומגליקלעכע שוועסטער און ברידער געוואָרפן אין די טײַכן אַריין, און איינגעמויערט קליינע קינדער, אָנשטאָט ציגל אין די ווענט... אַ חרפּה, אַ חרפּה, מיר זאָל זיך אַזעלכעס חלומען... זינדיק בין איך, א זינדיקער קנעכט. מיר זאָל זיך אַזעלכעס האָבן געחלומט. וויי, וויי, וויי צו מיר!... נאָך מצרים זאָל איך בענקען? איך?!"

משה האָט טרויעריק און אבלדיק געשאָקלט אַ באַצערטער מיטן קאָפּ. ער האָט זיך אַרומגעקוקט אין אַלע זייטן, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, צי

עמיצער, א לעבעדיק מענטשלעך נפש האָט זיך נישט צוגעקוקט אָדער צוגעהערט צו זיין נמאסן חלום.

נאָכאַמאָל איז משה פאַרדרימלט געוואָרן. איצט איז שוין זיין דרימל געווען אַ פריידיקער און אַ רואיקער. ער האָט איצט געדרימלט און גע־חלומט איינעם פון זיינע אייביקע חלומות: זיין פאָלק, זיינע ברידער פון ישראל. זיין הארץ האָט זיך אָנגעפולט מיט רחמים און רחמנות צו זיי: צענדליקער יאָרן זענען זיי אים נאָכגעגאַנגען פון איין ווּיסטעניש אין דער צווייטער... וואָלט דען אַן אַנדער פאָלק אַזוי לאַנג נאָכגעגאַנגען נאָך אַ מענטשן? וועלכעס פאָלק וואָלט אַזוי געטון?...

משה האָט מיט דער האַנט אָנגענומען אַ פולע זשמעניע מיט זאַמד. ער האָט ס׳ביסל זאַמד מיט צאַרטקייט געשאָטן ווי גאָלד־שטויב פון איין האַנט אין דער אַנדערער. אויף יעדן זעמדעלע און שטויבעלע פון דער מדבר האָבן גערוט די טריט פון זיין פאָלק; משה האָט אויסגעדרייט מיט בענקשאַפט זיין קאָפּ. ער האָט געוואָלט אַ קוק טון אין דער זייט, ווו עס געפינען זיך די געצעלטן, אין וועלכע זיין פאָלק רוט איצט, אָבער ער האָט בשום אופן נישט געקאָנט וויסן, אין וועלכער זייט צו קוקן; דאכט זיך, נישט פאַראַן קיין אָרט אין דער מדבר, וועלכעס ער זאָל נישט קענען און איצט ווייסט ער נישט, ווו ער געפינט זיך...

דער ווינט האָט דורכגעיאָגט און איינגעשטילט געוואָרן. דער מדבר איז שוין צוריק געווען פאַרשטילט, ווי אַ ריזיקער ים מיט פלוצים פאַר־פרוירן געוואָרענע כוואַליעס. די שטערן האָבן שוין צוריק העל געפינקלט און געבלינדלט. משה האָט שווער אויפגעהויבן זיין מעכטיקן גוף פונעם זאַמד. ער האָט אָנגעהויבן שנעל צו שפּרייזן, ביז ער האָט אין דער ווייט דערזען אַ שוואַרץ וואָלקנדל. ער האָט געוווּסט, אַז דאָס דאַרפן זיין די בערג פון עברים, וואָס אויף די גרענעצן פון מואָב־לאַנד; ער האָט אָנ־געהויבן שנעל צו לויפן, נאָר באַלד האָט ער אין עפּעס זיך געשטרויכלט און אַרויפגעטראָטן אויף אַ האַרטער זאַך: משה האָט געמאַכט אַ טריט אויף צוריק. ער האָט אָנגעבויגן דעם קאָפּ צום באָדן און האָט זיך איינגע־קוקט: ער האָט באַלד דערזען, אַז ער איז אַרויפגעטראָטן אויף מענטש־לעכע ביינער: נעבן זיינע פיס איז געלעגן אַ ווייסער ביינערנער שאַרבן־קאָפּ פון אַ מענטש. משה האָט טרויעריק אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ, פאַר־ביסן מיט די ציין און זיינע גרויסע ברעמען האָבן זיך איינגעצויגן ווי

צווי שלענגלעך: יאָ! דאָ וואלגערן זיך אום דיביינער פון איינעם פון די, וואָס ער האָט אַרויסגעצויגן פון מצרים... איצט ליגן צעשאָטן און צעוואָרפן זיינע ביינער אין דער מדבר, ליגן ביי זיינע, משהס פיס, און דאָס אָפענע מויל פונעם שארבן־קאָפּ שרייט מיט א שטום־געשריי, שרייט מיט אַ טויט־געשריי, און פרעגט: „משה, משה! צו וואָס האָסטו מיך דאָ אַהער געבראַכט, צו וואָס?"..

משה האָט אָפּגעווענדט זיין בליק פונעם ביינערנעם מענטשן־קאָפּ. א וויטיקלעכע פארביטערטקייט האָט זיך אין אים דערוועקט, ווייל ער האָט געוווסט און געפילט, אַז אלע וואָס זענען געשטאָרבן אין דער מדבר, האָבן אים געשאָלטן אין די לעצטע גסיסה־מינוטן פון זייער לעבן... אַלע האָבן אים געשאָלטן, אַלע!..

מיד און טרויעריק האָט משה אָנגעהויבן ווייטער צו שפּרייזן און טאַפּטשען אינעם זאַמד. ער האָט געצויגן פאָראויס מיטן קאָפּ פאַרריסן צו די שטערן, וואָס האָבן אים אויסגעוויזן ווי ליכטיקע אויגן פון גוטע באַשעפענישן, האָבן זיי צו אים אראָפּגעקוקט מיט ליבשאפט און געוווּנקען צו אים מיט טרייסט. אַ טראָפּן פרייד האָט אים אַרויפגעטריפט אויפן געפּייניקטן האַרץ: די בענקשאַפט, וואָס ער האָט פריער געפילט אַרום זיך איז פון אים אָפּגעטראָטן. אַרום אים האָט דער מדבר זיך אויסגעשפרייט מיט רחבותדיקער גערוימקייט, און געפילט האָט ער זיך, ווי די וועלט אַרום אים איז טאָפּלט גרעסער געוואָרן.

דאָס זאַמד האָט געסקריפּעט און געשאַרכט אונטער משהס פיאַטעס און ער האָט אַלץ ווייטער געצויגן און געשפּרייזט. אַ גרויסע ליבשאַפט האָט אָנגעהויבן אויפיערן ביי אים אין דער ברוסט. ער, משה, ער וואָלט איצט צונויפגעשאַרט דעם גאַנצן זאַמד פון דער מדבר, וואָלט דאָס אַריינגענומען אין זיינע גרויסע וואַרעמע הענט און וואָלט אויסגעקושט איטלעכעס זאַמדעלע. ער וואָלט צו זיך אַראָפּגעצויגן אַלע שטערן פון הימל און וואָלט זיי אויסגעקושט די ליכטיקע, גוטע אויגן. איצט, אין דער שפּעטער שעה, וואָלט ער אויף דער גאַנצער וועלט אָפּגעזיגלט אַ קוש, ווייל איצט איז אים מחיהדיק גוט, איצט איז ער אַליין, אַליין מיט זיך, אַליין מיט דער גאַנצער וועלט!

און משה האָט ווייטער געצויגן און געשפּאַנט אַלץ מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ צו די שטערן און ווי געשוועבט איבערן קילן זאַמד. נאָר פלוצים

האָט ער זיך נאָך אַמאָל געשטרויכלט אין אַ האַרטער זאַך. ער האָט צוגע־נומען זיין בליק פון די שטערן און אַ קוק געטון אויפן זאַמד און געבליבן שטיין אַ פאַרשטאַרטער:

אַרום אים, אַרום און אַרום, ווי ווייט נאָר זיין בליק האָט געגרייכט, איז דאָס זאַמד פאַרשאָטן און פאַרזייעט געווען מיט מענטשלעכע ביינער און צעשאָטענע מענטשן־סקעלעטן, מענטשלעכע אברים, וואָס זענען שוין זייט יאָרן און יאָרן געווען באַגראָבן אינעם זאַמד; דער שטורעם פון דער היינטיקער נאַכט האָט אויפגעגראָבן די מתים פון זייערע זאַמדיקע קברים, אַרויסגעוואָרפן און אַרויסגעשפּיגן פון זייער זאַמדיקער רו און זיי צעלייגט און צעוואָרפן פאַר משהס אויגן. שניי־ווייסע, קאַלך־גרויע ביינערנע שאַרבנס, מיט גרויסע שטשירענדיקע כעסדיקע ציינער, האָבן געקוקט מיט פינצטערע אויגן־לעכער פול מיט פאַראיבל צו משהן. טויטע הענט האָבן אויף אים געטייטלט מיט אָפּגעבראָכענע פינגער; פיס, טויטע איבערגעבראָכענע און איבערגעליאָמיעטע פיס, האָבן פאַר משהן פאַר־שטעלט זיין וועג צו די בערג. און פונעם זאַמד אַרויס האָבן אויפגעטויכט און אויפגעברומט שוין לאַנג געשטאָרבענע קולות, און פון דער שטיל־טויבער מדבר־לופט האָבן קולות אַרויסגעיאָמערט און אַריינגעוואָיעט אין משהס אויערן אַריין:

— „צו וואָס האָסטו אונדז אַהערגעבראַכט? צו וואָס זענען מיר אין דעם מדבר געקומען? וואָס האָבן מיר פון דעם, וואָס מיר וואַלגערן זיך אינעם זאַמד?... צו וואָס האָט דאָס געטויגט... צו וואָס האָט דאָס דיר געטויגט?... משה... משה... משה!...“

קיין איין וואָרט האָט משה נישט אָפּגעענטפערט. ער האָט טיף אָנגע־בויגן דעם קאָפּ ווי אַ פאַרזינדיקטער און באַשולדיקטער. ער האָט געזוכט מיטן בליק אַ פריי אָרט, ער זאָל קענען דורכגיין און נישט דאַרפן טרעטן אויף די מענטשלעכע גלידער. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ אויף אַלע זייטן, געקוקט מיט אַ בעטנדיקן הילפלאָזן בליק צו די שטערן, געבעטן אַז עס זאָל ווידער אַמאָל אָנקומען פון ערגעץ אַ שטורעם און פאַרשיטן די מענטש־לעכע קנאָכן, וואָס וואַלגערן זיך אונטער זיינע טריט. נאָר קיין ווינט האָט נישט אָנגעיאָגט. משה האָט צעשטרעקט זיינע הענט צום הימל, לאַנג געבעטן, אַז אַ ווינט זאָל פון ערגעץ אָניאָגן. נאָר משהס תפילה האָט קיי־נער נישט דערהערט און דער מדבר איז געלעגן טויט מיט אַן אויס־

געגאַנגענעם אָטעם; משה האָט אָנגעהויבן פאָכען מיט זיינע בראָנדזיקע הענט, געפאָכעט מיט זיינע הענט־פלאַכן, ווי שקלאַפן וואָס פאָכען מיט פּאַלמען־צווייגן אין הייסע טעג איבער פרעהס קאָפּ; אַזוי האָט משה גע־פאָכעט אין אַלע זייטן און קיין ווינט איז נישט געוואָרן. אפילו אַ האָר אויף זיין קאָפּ האָט זיך נישט אַ ריר געטון. זיינע הענט, די זעלבע הענט, וואָס האָבן אַזוי פיל אותיות אויסגעהאַקט און אויסגעקריצט אין פעלדזיקן שטיין, זענען אים איצט געוואָרן שנעל מיד, מאַכטלאָז און פאַרשטאַרט.

משהן האָט דאָס אָנגעהויבן צו ערגערן, די ערגערניש האָט זיך ווי אַ שווערער שטיין געלייגט אויף זיין געמיט. טיף אין זיין ווען האָט אויפ־געפלאַקערט אַ פּאַרדרוס: ער האָט געוואָלט אַביסל בלייבן אַליין, איז ער דערפאַר איינמיטן נאַכט אַנטלאָפן פון זיין געצעלט און צום סוף איז ער גאָר אַרומגערינגלט געוואָרן פון מתים, וואָס פאַרשטעלן אים דעם וועג און פאַרשרייען אים מיט ביטערע טענות...

לאַנג איז דערפאַר משה געשטאַנען אויף איין אָרט. זיינע פיס האָבן טיף איינגעזונקען אינעם זאַמד, און אים האָט אויסגעוויזן, אַז ווען ער זאָל נאָך אַביסל לענגער שטיין אויף דעם אָרט, אַזוי וועט ער איינגעזונקען ווערן...

מיט שוידער און שרעק האָט ער זיך פּלוצים אָפּגעריסן פונעם אָרט און אָנגעהויבן ווילד צו לויפן און אינעם געלויף האָט ער אָנגעטרעטן אויף די ביינער, וואָס האָבן זיך געוואַלגערט אונטער זיינע פיס: שאַרבנס פון מענטשן האָבן זיך ווי ליים־טעפּ, צעפּלעטשט מיט אַ טרעשטשערייַ אונטער זיינע טריט. פינגער האָבן זיך צעשאָטן, ווייסע אויסגעטרוקנטע פיס־קנאָכן האָבן זיך איינגעבראָכן, ווי פאַרטריקנטע שטיקלעך ליים. חוט־השדרה ביינער האָבן זיך איינגעבראָכן מיט אַ קנאַק, ווי פאַרטריקנטע צווייגלעך פון פייגן־ביימער; משה האָט צעוווּנדיקט זיינע פיס. טראָפּנס בלוט האָבן אַראָפּגעקאַפּעט פון זיינע פיס פּיאַטעס, נאָר ער האָט קיין ווייטיק נישט געשפּירט. ער איז געלאָפן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם און פאַרזייעט בלוט טראָפּנס אויפן ווייסן זאַמד, — האָט ער זיך צוגע־האַלטן מיט זיינע הענט דעם קאָפּ און די אויערן, ער זאָל נישט הערן ווי עס צעשיטן זיך אונטער זיינע טריט די גלידער פון די געשטאָרבענע ברידער פון זיין פאָלק און פאַרוואַנדלען זיך אין שטויב.

ער איז געלאָפן שנעל, און נאָך אים אין דער הויך, זענען מיטגעלאָפן

די שטערן, און הינטער אים, אויף דער ערד, האָבן זיך נאָך אים נאָכגעצויגן שטויב וואָלקנדלעך, האָט זיך אָן אַ סוף געשפּרייט די וויסטעניש.

צוביסלעך האָבן די שטערן אָנגעהויבן צו טונקלען. וואָס אַמאָל, אַלץ מער און מער, האָבן זיך פיל שטערן אויסגעלאָשן אויפן בלויען טעפיך פונעם הימל, און פאַראויס פאַר משהן איז מיטגעלאָפן דער מאָרגנשטערן. משה האָט אָפּגעזיפצט מיט דערלייכטערונג: איצט האָט ער געוווּסט, אַז ער לויפט אינעם מזרח אַריין.

דער הימל האָט אָנגעהויבן בלאַס צו ווערן און פון גאָר ווייט האָט אַ שוואַרצער וואָלקן זיך געשפּרייט אויף דער ערד, ווי אַ לאַנגער ברייטער גאַרטל: דאָס זענען געווען די בערג ביי די גרענעצן פון יענעם לאַנד, וואָס ער האָט בלויז געזען פון ווייטנס און האָט דאָס נישט באַטראַכטן...

מיט די לעצטע כוחות און אַ באַגאַסענער מיט אַ קאַלטן שווייס איז משה אָנגעקומען צום באַרג גאַרטל. ער האָט אָנגערירט מיט זיינע הענט אַ פעלדזיקן שטיין און האָט זיך אָנגעשפּאַרט. ער האָט זיך אויסגעדרייט און אומגעקוקט צו דער זייט פון וואַנען ער איז געקומען: אַלע שטערן אין הימל האָבן זיך שוין אויסגעלאָשן און דער הימל האָט געהעלט ווי מאַטער פּערלמוטער; נאָר די קוים ליכטיקע העלקייט האָט נאָך געשוועבט גאָר הויך, נישט באַוויזן אַראָפּצונידערן אויף די בערג־שפּיצן און אויפן זאַמד. די וויסטעניש איז שוין געווען איינגעהילט אין פאַרטאָג־פינצטערניש. אַ חושך האָט זיך געשפּרייט אויף אַלע זייטן. די פאַרטאָג פינצטערניש און דער פאַרטאָג־טוי האָבן צוריק באַגראָבן די מענטשלעכע ביינער פון די געפאַלענע אין דער מדבר, זיי איינגעדעקט און באַהאַלטן פון משהס פאַרצערטע בליקן.

משה איז לאַנגע רגעס געשטאַנען אָן אָנגעשפּאַרטער אינעם באַרג־פעלדז. ער איז געווען פייכט פון שווייס און פון פאַרטאָגיקן טוי.

באַלד האָט ער פאַרריסן דעם קאָפּ צום באַרג־שפּיץ און אַ רגע נאָך דעם האָט ער אָנגעהויבן צו קלעטערן אויפן באַרג. ער האָט זיך געהויבן וואָס אַמאָל העכער און העכער. מיט פלינקייט זיך געדראַפּעט פון שטיין צו שטיין, געקלעטערט פון פעלדז צו פעלדז, ווי אַ יונגער באַרג־פאַסטוך, וואָס יאָגט זיך נאָך אַ פאַרבלאָנדזשעט שעפעלע; ער האָט זיך געהויבן לייכט און שטיל, ווי ער וואָלט געקענט יעדן שטיין און יעדן פעלדז,

איז ער געשטיגן העכער און העכער, און איבער זיין קאָפּ האָט זיך העלער צעלויכטן דער הימל.

און ווען משה איז אויפגעשטיגן צום באַרג־שפּיץ, איז שוין געווען גאָר ליכטיק. דאָס ליכט פון הימל האָט זיך שוין געשפּרייט און געצ־שטראָמט אויף די זאַמדן פון מדבר און אויף די גרינע וועלדער, פעלדער און פליינען, וואָס אויף דער אַנדער־ער זייט באַרג פון מואב־לאַנד.

משה האָט זיך אָוועקגעשטעלט צווישן צוויי פעלדזן־שטיינער, ווי אין אַ טיר פון אַ געמויערטער שטוב: ער האָט אַראָפּגעקוקט פונעם באַרג און דערזען אונטער זיך אַ טיפן אָפּגרונט. דער אָפּגרונט האָט אים געצ־שראָקן און ער האָט אַוועקגעקוקט אין דער ווייט אַריין, צו אַ ווייט גרוי וואָלקנדל וואָס איז געלעגן אויסגעשפּרייט אויף די זאַמדן אין מערב־זייט: דאָרטן האָבן גערוט די געצעלטן פון זיינע ברידער איינגעהילטע אי־נעם נעפּל פונעם מאָרגנטוי און מאָרגנווינט; אַ באַנגדיקע בענקשאַפט האָט זיך דערוועקט אין זיין ברוסט. ער האָט צענומען זיינע הענט ווי פליגל און זיי געשטרעקט אין דער זייט פון די געצעלטן.

משהס אויגן האָבן אָנגעהויבן טרערן ביים אָנבליק פון דער ווייטקייט און פונעם לאַגער וואָס איז געלעגן אַנטקעגן אים. ער האָט געטראַכט, אַז גליקלעך איז געבענטשט איז אַ פּשוטע טויב, וואָס קען צו יעדער צייט, צו יעדער רגע צוריקפליען צו איר טויבן־שלאַק, וואָס זי האָט פאַרלאָזן; נאָר ער, משה, האָט שוין איצט נישט קיין כוח צוריק אַראָפּצונידערן פונעם באַרג און אומקערן זיך צוריק אין זיין געצעלט אַריין...

אַ שמייכל איז אויפגעגאַנגען אויף משהס פּנים. אַ פרייד האָט אים אַרומגעהילט קוקנדיק צו די געצעלטן. זיין האַרץ האָט אָנגעהויבן שנעל צו העמערן, ווי ביי אַ פאָטער וואָס זעט פון גאָר ווייט זיין קינד און קען צו דעם נישט גרייכן...

משה האָט זיך אומגעדרייט לאַנגזאַם ווי אין אַ ראָד אויף אַלע זייטן. פאַר זיינע אויגן האָבן פאַרבייגעשפּיגלט טייכן און אָזערעס, וועלדער, פעל־דער און פליינען. אין איין זייט האָט זיך געשפּרייט אַ מעכטיקע שטאָט מיט ריזיקע מויערן, צוימען מיט קאַקטוס־ביימער מיט געלבלעכע בלימ־לעך, האָבן אַרומגעצוימט די פעסטונג־ווענט; טייכן האָבן געריזלט. אַ ים האָט זיך געשפּיגלט קעגן הימל און אַ צווייטער ים האָט געפּאַליעט מיט בלויקייט און שוימיקע וואָלקנס. אַ גאַנצע וועלט איז געלעגן צעשפּרייט

צו זיינע פיס און אַרום האָט געשטילט מיט רואיקייט, מיט מנוחה און שלום אינעם פריעם פרימאָרגן.

משה האָט ווידער צעפּאָכעט זיינע הענט. ער האָט אָנגעהויבן ווירבלען מיט זיינע פינגער אין דער לופט. ער האָט געוואָלט אַ געשריי טון, אַוועקשיקן דעם קלאַנג פון זיין קול צו די געצעלטן, נאָר קיין רוף האָט זיך נישט אַרויסגעריסן פון זיין קעל. די קניען האָבן זיך אים אָנגעהויבן איינצובייגן און ער האָט זיך אַראָפּגעזעצט אויפן שטייניקן פעלדז. ער האָט אַ הויב געטון זיין בליק צום הימל, נאָר באַלד האָט ער געמוזט זיינע אויגן צומאַכן, ווייל אַנטקעגן אים האָט זיך פון הינטערן באַרג־שפּיץ אַרויסגעטויכט די אויפגייענדיקע זון. די זון האָט אויפגעלויכטן מיטן רויטן מאָרגן־פייער און אים פאַרגאָסן מיט אַ ריזיקער כוואַליע פון בלענדיק ליכט. צוזאַמען מיט דער זון האָבן אויפגעוואַכט די רויב פייגל אין זייערע נעסטן אויף די הויכע בערג־שפּיצן. אַ מעכטיקער אָדלער איז אָנגעפלויגן און אָן אויפהער געזומען קרייזן איבערן אַראָפּגעזעצטן משהן און אים באַשאָטנט מיט זיינע פליגל און אומגעפלאַטערט און געווייעט און נישט געוואַגט זיך אַראָפּצולאָזן...



Este libro se terminó de imprimir el día 8 de Enero de 1952
en los Tall. Gráficos Zlotopiro Hnos. — Gascón 1231
Buenos Aires